


אַ נ ט אָ ל אָ ג י ע

צונויפגעשטעלט און רעדאגירט:

**יוסף פאַפּיערניקאָוו**

פארלאג
י.ל. פרץ
ישראל

**תל־אביב — תשל"ג 1973**



ניטאָ אין דער וועלט נאָך אַ שטאָט, וואָס זאָל אַזוי פאַרהייליקט ווערן, ווי ירושלים ווערט פאַרהייליקט פון יידן און אויך פון נישט־יידן.

ס׳איז אויך נישטאָ אין דער וועלט נאָך אַ שטאָט, וואָס זאָל אַזוי באַזונגען־ווערן, ווי ירושלים ווערט מיט רעליגיעזן ציטער באַזונגען פון אירע העברעישע און יידישע פּאָעטן.

די גרעסטע צאָל לידער וועגן ירושלים זענען, בלי ספק, געוואָרן געשאַפן — אָנהויבנדיק פון יאָר תש״ח, דאָס מיינט — אָנהויב קריג, וואָס זיבן אַראַבישע לענדער האָבן אין יאָר 1948 דערקלערט דער אויפגעקומענער מדינת ישראל.

צו דער אַפּאָגעי פון באַזינגען ירושלים זענען די דיכ־טער דערגאַנגען נאָך די היסטאָריש־באַרימט־געוואָרענע „זעקס טעג״ אין וועלכע צה״ל האָט באַפרייט ירושלים פון די ירדענער, וואָס האָבן געהאַט פאַרכאַפּט די אַלטשטאָט און עטלעכע צוואַנציק יאָר געהאַלטן דעם כותל־מערבי מיט אַלע אַנדערע קאַנאָניזירטע הייליקייטן פונעם יידישן פאָלק — אָפּגעריסן און נישט צוגענגלעך פאַר די יידן פון ישראל און פאַר די יידן פון דער וועלט בכלל. אויפן גע־

דאַנק צו שאַפן אַן אַנטאָלאָגיע „ירושלים אין יידישן ליד" בין איך געקומען — טראַכטנדיק — הלמאי האָט אין דער ישראל־מוזיק, וואָס פאַרמאָגט נישט וויניק אָראַטאָריעס אויף תנ"כישע טעמעס — נישט געפרוווט ווער שאַפן די גרויסע אָראַטאָריע אָדער סימפאָניע „ירושלים" — גע־ווידמעט דעם העראָישן צה"ל — אין קאַמף פאַר ירושלימס באַפרייונג.

*

נאָכן דורכנישטערן הונדערטער יידישע לידער־ביכער, זשורנאַלן און צייטשריפטן, האָט זיך מיר איינגעגעבן צו־נויפצוזאַמלען איבער הונדערט לידער פון איבער זעכציק דיכטער און דיכטערינס — אָנהויבנדיק פון מאָריס ראָ־זענפעלד, ביז צו דער יינגסטער יידישער דיכטערין רבקה באַסמאַן אין ישראל. ווי אַן אַרבעט פון איין מענטש, איז עס, מיין איך, נישט קיין קליינע דערגרייכונג.

ווען ווער שאַפן אַ ירושלים־אַנטאָלאָגיע אויך פון דער העברעישער דיכטונג און, ער וועט אָנהייבן פון דער „גאָלדענער תקופה" ביי די העברעישע דיכטער אין ספרד, ביז צו דער תקופה פון דער מאָדערנער העברעישער דיכ־טונג אין ישראל — קאָנען אַזעלכע צוויי אַנטלאָגיעס זיין די אָריגינעלסטע, דאַנקבאַרסטע און גאַנגבאַרסטע לידער־ביכער אין דער העברעישער און יידישער דיכטונג.

*

עטלעכע באַמערקונגען וועגן דער טעכנישער זייט פון צונויפשטעלן די אַנטאָלאָגיע:

מיין פלאַן איז לכתחילה געווען: געבן יעדן באַטייליקטן פון פינף ביז זעקס זייטן לידער. נאָך מיין סעלעקציע איבערן צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל, האָבן פון קאַרגע זיבעציק מחברים, נאָר איינציקע אויסגעפילט די נאָרמע — כאָטש נישט ווייניק פון זיי האָבן פאַרמאָגט אויך גאַנצע ציקלען ירושלים־לידער. ביים רוב דיכטער האָב איך מער ווי צוויי־דריי לידער וועגן ירושלים נישט געפונען און, ביי אַ סך — אויך נישט מער ווי צו איינציקע לידער — אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך געווען צו שאַפן אַ געהעריקע פראָפאָרץ פון איינעם צום אַנדערן.

זייער ווייניק (שוין צו ווייניק) איז אין דער אַנטאָלאָגיע פאַרטראָטן דער נישט־לאַנג־פאַרשטאָרבענער באַדייטנדיקער דיכטער יעקב גלאַטשטיין ז״ל, אין וועמענס גרויסער צאָל לידער אויף דער טעמע ייד, יידישקייט און יידיש פאָלק — געשריבן מיט גרויס נאַציאָנאַלן פאַטאָס — כ׳האָב ליידער נישט געפונען וועגן ירושלים מער ווי איין ליד „זיגער״ און צוועלף שורות — אין זיין לידער־ציקל „געזאַנגען״.

וואָס שייך סטיל, שפּראַך און דיאַלעקט — האָב איך אַלעמענס לידער געלאָזט אַזוי ווי זיי זענען לכתחילה געוואָרן געשריבן פון די מחברים; כ׳האָב נאָר אַ סך לידער נישט געלאָזט נאָך אַ מאָל אָפּדרוקן מיט די פעלערן מיט וועלכע כ׳האָב זיי געפונען אָפּגעדרוקט, ווי אָן אַ האַנט פון אַ קאָרעקטאָר און אַפילו ווי אָן אַ האַנט פון אַ רעדאַקטאָר.

איך וויל נאָך באַמערקן, אַז כ׳האָב אין דער אַנטאָלאָגיע נישט אַריינגענומען די ירושלים־פאָלקס־לידער פון

וואַרשאַווסקיס, צונזערס און גאָלדפאַדנס שניט, וואָס האָבן
נישט קיין אָרט אין דער סובלימירטער אַטמאָספער פון
דיכטונג, אַזעלכע לידער זענען, מיין איך, פאַראַן נישט ווײי־
ניק און, זיי פאַרדינען אַ באַזונדערע זאַמלונג.

י. פ.

**זלמן שזר**

## פֿאַר נאַכט אין ירושלים

אין מיטן הימל שטייט אַ בוים —
שטייט ער בלוי פֿאַרצויגן,
ווערט גרינער דאָס בלוי
און בלויער דאָס גרין,
אַ בלוילעכע בלייכקייט פֿאַרשפּרייט זיך דין־דין.
ווערט שאָטנדיק טונקל, פֿאַרוואָלקנט דער בוים,
אַ פֿינצטערע שטילקייט צעגיסט זיך געהיים,
ווערט קילקייט
אין שטילקייט
מיט סודות פֿאַרטראַכט, —
פֿאַלט צו די נאַכט...

אַברים אויערבאַך

## אַ גאַנג קיין ירושלים

ירושלים, צו דיין פולקייט בין איך אין חודש ניסן
געגאַנגען איבער די שטייניקע בערג יהודהס.
דער ווינט, מיט געזאַנג, האָט די כמאַרע צעריסן,
אַז אויפשיינען זאָל די לבנה אויף גריבער און רודעס.
אין בלייכער שיין האָבן זיך סטעזשקעס געדרייט,
מיט פינטעלעך שטעך די בערגריסן צונויפגענייט,
געלייגט אויף אַ שאָטן אַ זילבערנע לאַטע.
געטאַנצט מיר אַנטקעגן האָט אַ גאַזעל,
די פרייד האָט זיך געכוואַליעט אויף איר ברוינלעכער
פעל —
צו ירושלים של מעלה גייט ירושלים של מטה.

אין דעם איז שוין דאָ איבער אַ יובל יאָרן,
געטראָגן האָב איך תנכיש געזאַנג קיין ירושלים,
דעם וועג האָב איך געזען אַ לויטערן, קלאָרן,
אַ באַרגיק־אַלטן און לבנהדיק נייעם.
צונויפגעגאָסן האָבן זיך נידער מיט הייך,
און שיין אויף סטעזשקעס געווען איז בלייך,
געזונגען האָב איך, ווי מיין פרומער טאַטע,
דאָס אייביקע יידישע אמונה־געזאַנג,
אַז גאָט וועט מיך היטן אויף מיין נאַכטיקן גאַנג
צו ירושלים של מעלה פון ירושלים של מטה.

אַז וואָס איז הייך און וואָס איז נידער,

אַז פון לבנה־געטראַנק בין איך בגילופין:
דאָס איז נאָך אַלץ דאָס קול פונעם סידור
וואָס האָט מיך צו סדרה בערג אויפגערופן,
אַז ברכת ההרים זאָל איך זאָגן דער נאַכט,
וואָס האָט איבער מיר ביז אַצינדער געוואַכט,
וואָס פירט מיך איבער די בערג די האָרבאַטע
מיט ווייכער לבנה אַראָפּצו געווענדט,
מיט ברוינער גאַזעל פון דער שיין פאַרבלענדט —
צונויפצוזינגען דעם של מעלה מיטן של מטה.

פאַר טאָג האָט אַ שיין־געטאָן מיר דער הר־הבית,
געווען איז ער רויטלעך אינעם ליכט, דעם פריען,
אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַראַבישע אַבייעס
און אויפגעשריבן מיט ליכט דאָס איינע וואָרט צ־י־ו־ן.
דערנאָך זיך איינגעהילט אין אַ גרינלעכן טיול,
ווי שחרית אין אלול אין דער היימישער שול.
די שאָטנס געוואַרעמט האָבן זיך מאַטע,
דעם הר־הבית אויפגעהויבן העכער פון הויך.
אין סוד פון באַהעפטונג בין איך אויך
געגאַנגען צו של למעלה פון של מטה.

אין דעם איז שוין דאָ איבער אַ יובל יאָרן,
צו דיר, ירושלים, פאַרעלטערט, קום איך ווידער,
דאָס האַרץ און דעם קוק געוואָלט האָב שפּאָרן,
אַז זען זאָל איך דיך, ווי אין יונגן סידור,
צוזיפגעוואַקסן אין אַ ליכטיקן אחד,
מיט הייך, וואָס גיסט אויף נידער איר גענאָד.

נאָך איצט לויכטן בענקשאַפטן, אַמאָל געהאַטע,
די נידער אַרויפצוהייבן צו דער בלויער הייך —
דערפריי מיך, גאָט, אַז טאָן זאָל איך אַ דערגרייך
צו ירושלים של מעלה פון ירושלים של מטה.

# ירושלים

**א.**

ס'האָט דער טאַטע מיך גענומען ביי דער האַנט
און געפירט אין חדר צו יידל מלמד,
נאָר געגאַנגען בין איך צו דער גרויער וואַנט,
וואָס אין אירע שפּאַלטן בליט דער ווייכער סאַמעט
פון צעגרינטע פסוקים. תנכישע זונען
איבער אירע שטיינער האָבן געשפּאַנט,
אַ באַהאַלטענע שיין איז פרום גערונען —
און דער טאַטע פירט מיך ביי דער האַנט.

ס'איז דעם טאַטנס האַנט אַ וואַרעמע נעסט
און פאַרטוליעט בין איך אין איר ווי אַ פויגל.
זאָגט דער טאַטע: וועסט גיין, איך ווייס אַז דו וועסט,
מיט אַ פרשה חומש און מיט יידישע אויגן,
אויף די שליאַכן, וואָס יידן זענען געגאַנגען.
זאָג איך: טאַטע, איך גיי דאָך און פריי זיך, דו זעסט?
ס'האָט דער פויגל געוואָלט צו די הייכן דערלאַנגען —
און דעם טאַטנס האַנט איז אַ וואַרעמע נעסט.

וויפל יאָרן פאַרפלויגן, די נעסט איז פאַרוויסט,
נאָר נאָך וואַרעם דער גאַנג מיטן טאַטנס פאַרטרויען.
גייסט אויף שטיינערנע בערג און דיר דאַכט זיך —
דו פליסט
צו ירושלים — דער שטאָט, דעם חזיון.
גייט די זון דיר אַנטקעגן. קומט די יונה הומיה [1]

1) די טויב, וואָס וואָרקעט.

און מיט ברוסטיקן ברומען דיין אָנקום באַגריסט.
זיינען דורות געפלויגן, אַז דו זאָלסט דערפילן —
און דעם טאַטנס וואַרעמע נעסט איז פּאַרוויסט.

ב.

אין אַ סיוונדיקער נאַכט בין איך שטיל אַרומגעגאַנגען
אויף ירושלימס גאַסן. ס'האָט אָנגעהויבן טויען.
כ'האָב געהערט — דער הימל־אויסשפּרייט זינגט געזאַנגען
צו דער בלויקייט, צו דער טיפקייט, זיי זיך צו פּאַרטרויען.
ס'האָבן שטערן אויסגעפינטלט קמצן און סגלן.
ס'האָט אַ חיריקל אַן עלנטס שטיל געטאָן אַ שוועב.
אין דער נאַכט האָט זיך געצויגן אַ געוועב
איבער בערג, צעטראָטענע ווי טרעפּ,
איבער שטיבער זילבערנע, צעווינטיקטע ווי זעגלען.

כ'האָב די שורות אויסגעלייענט מיט אויגן צוגעמאַכטע.
ס'האָט זיך וואָרט מיט וואָרט געקושט, אות צו אות געפלויגן.
כ'האָב געזען דעם טראָפּ, די מרכא, תּיפּחא און אתנחתא [1]
ווי זיי האָבן זיך מיט געזאַנג אַראָפּגעבויגן.
כ'האָב אין זיך די שטערנדיקע פּינטעלעך געצייכנט,
אויסגעציילט אויף פינגער דעם זילבערדיקן טראָף —
אַזאַ ציטערדיק, אַזאַ פּאַרהוילן, אויסגעבלויט כּתב
פון אַנטפּלעקטן, אויפסנייאיקן באַשאַף
האָט די נאַכט געשריבן אויף די לויטער־דינע הייכן.

1) די טעמי המקרא, די מוזיק, די „נאָטן", מיט וועלכע מ'לייענט די תּורה.

ג.

רויטלעך, כלהדיק פֿאַרשעמט,
שפּילט זיך אין דער זון ירושלימס שטיין,
פֿאַלט אויף אים אַ שאָטן, קוקט ער פֿרום פֿאַרשעמט,
ווי אַ כלה אַז זי גרייט זיך צו דער חופּה גיין.

שטעט פֿאַרעלטערן זיך פֿון צייטס באַריר,
יאָרן וואַקסן־אָן אויף זיי, ווי גרויער מאָך —
שטאָט פֿון רויטן שטיין, ס'איז דער נס אין דיר,
וואָס אויף דיר וואַקסן יאָרן און יונגער ווערסטו נאָך.

דיין געדאַנק קרישטאָליק, לויטער ריין,
האָבן בערג אַרום דיר הייליק אויפֿגעהיט,
דו ביסט ניי, אייביק ניי, שטאָט פֿון רויטן שטיין,
ווי גאָטס וואָרט, וואָס האָט פֿון דיר אַרויסגעבליט.

איינגעקריצט אין דיר איז גאָרע וועלט
אין איר אייביקייט, אָבער דאָס געזאַנג־געוויין
דאָס יידישע, האָבן דיך אַוועקגעשטעלט —
עיר הצדק, שטאָט פֿון רויטן שטיין.

**דוד איינהאָרן**

## ירושלים של מעלה

שטייען ווידער דיביימער
מיט בליטן באַשאָטן,
זיצן ווידער די טרוימער
אין זיידענעם שאָטן.

און אָוונטן קומען,
און שטיל ווערט גערעדט,
און ס׳פאַלט אויף די בלומען
דער טוי וויאָלעט. —

נעמט טראָגנען אין הימל
מיין שטאָט פון סאַפירן,
די ווענט פון אַלבאַסטער,
פון עבן — די טירן;

פון זילבער די שוועלן,
פון גינגאָלד — די דעכער,
און ס׳וויגן די פּאַלמען,
ווי ריזיקע פעכער.

און אָוונט פאַלט צו,
ווי אַ טונקעלער פליגל,
און ס׳רייסט אָפּ דער וועכטער
פון טויער דעם זיגל.

אין שטאָט נעמען פּלוצלונג
זיך צינדן לאַמטערן,
אָראַנזשע, און גרינע,
און פּורפּורנע שטערן.

די פענצטער פול ליכטער,
די טויערן — אָפן,
עס ברענען געזיכטער
אין הייליקן האָפן.

און זקנים דערשיינען
מיט פאַקלען און בלומען, —
די שעה איז געקומען,
אויך ער וועט איצט קומען...

דאַן נעמט אין מיר וויינען
מיין איינזאַמסטער טרויער:
און כ׳זע אויף אַן אייזל
אים רייטן צום טויער.

אָט הייבט ער זיין אָרעם...
אָט בענטשט ער... אָט ווינטשט ער...
אָט פלאַקערט מיין שטאָט
און פאַרזינקט אין דער פינצטער...

שטייען ווידער דיביימער
מיט בליטן באַשאָטן,
זיצן ווידער די טרוימער
אין זיידענעם שאָטן.

און אָוונטן קומען,
און שטיל ווערט גערעדט,
און ס'פּאַלט אויף די בלומען
דער טוי־וויאָלעט...

**לייזער אייכענראַנד**

*

אין די זיבן טויערן
פון דיין גאָט־פעלדזיקן שמייכל
קומען אַלע ווייטן פון געדאַנקען.

דיינע שטיינער
זענען תפילות,
וועלדער פון צערוישטן ליכט.

מיט דער זון אויף ליפּן,
מידבר־ווינט אַרום די לענדן,
דו,
געקרוינט פון זיין רו און שווייגן, —
שטענדיקער באַשייד.

דיין זכרון איז דער הימל,
אויפגעמאַכט תמיד,
פונעם תמיד,
צו דעם תמיד פון דעם ערדגעשריי ;
דיין זכרון.

מיינע הענט
זענען די ציפּרעסן דיינע,
מיט די קרישטאָלאויגן
פון דער האַרטער שעה,

ווען דו ביסט געווען פֿאַרלאָזן —
ירושלים,
מיט די זיבן טויערן
פֿון דיין גאָט־פֿעלדזיקן שמייכל.

*

אין דיינע טויערן —
ירושלים,
קומען
צו גאָט־צייט
די זין —
דערלייזטע
צו גאָט־צייט.
זיי קושן שטויב
אַרום דער מויער —
פון די תפילות
צו גאָט־צייט.
דאָס טרערן־בלאָ
פון אַלע דורות
צו גאָט־צייט ;
די בלאָע היים
פון דיין זכרון —
צו גאָט־צייט.

אין דיינע טויערן,
ירושלים —
קומען
די דערלייזטע,
טאַנצן.
אַרום דער מויער
פון די תפילות
צו גאָט־צייט,
מיט בליקן

אָנגעשאַרפטע,
אין טרערן־בלאָ
פון אַלע דורות
צו גאָט־צייט —
קושן זיי
דאָס באַפרייטע בלאָ,
די בלאָע הײם
פון דײַן זכרון
צו גאָט־צייט,
אין דײַנע טויערן —
ירושלים.

**לייב אֶליצקי**

## ירושלים אין געבירג

ירושלים,
איך האָב אין געבירג, וואָס רינגלט דיך אַרום
באַטראַכט די פעלדזן־בלאָקן איינגעקלאַמערט שטום,

פאַרביסן איינער אין דעם צווייטנס ברוסט און שויס.
אַ ווילן אַ האַרטנעקיקן זיי שטומען אויס:

מיר וועלן עקרס בלייבן, אויסגעגליט און הויל,
דעם הימל אָפּשרעקן מיט מדבּרדיקן גרויל,

אַנטקעגנשטעלן אונדזער קללה זיין געבענטש...
נאָר ס׳האָט מיט מי און שווייס באַשטיקן זיי דער מענטש:

מיט גלי אין האַרץ און אויג, מיט פעסט־פאַרקלעמטע ציין,
מיט מוסקלען שטאָלענע גראַנגלט זיך מיט שטיין,

געריסן אים פון אָרט און פעלדז פון פעלדז צעשיידט,
מיט קללה, וואָס איר תוך איז ברכה זיי באַגלייט,

און ווּ נאָר ער געפינט אַ זכר פון אַ שפּאַלט,
אין אים אַ ברכהדיקע זריעה ער באַהאַלט.

און אין דעם שטיינערדיקן טויט לעבט אויף אַ טרוים:
סע שפּראָצן גרעזעלעך אויף פליכן — גרינער שוים,

און אינעווייניק שפּאַרן וואָרצלען, נאָגן זאַפט
און שיקן צו די שטעמלעך אויבן, שפּייז און קראַפט,

און צווייגעלעך צעצווייגלען זיך מיט קנאָספּ און בלאַט,
וואָס זייגט דעם הימלס טוי, די זון און, ווערט ניט זאַט,

און שפּרייט זיך ווי אַ נעץ אַקעגן זאַמד און גלי,
ביז אונטער זיי אַ שאָטן שטעלט זיך אויף די קני...

און פעלדזן אין בהלה שטומען, שרייען: „גוואַלד!
די שאָטנס מערן זיך! ס'וועט ווערן דאָ אַ וואַלד!" —

יאָ, וועלדער־שאָטן וועט פאַרדעקן בראַנד און שאַנד
פון דיין עקרהדיקן אויפגעלעבטן לאַנד,
ירושלים!

## אין ירושלים

סע גליט נאָך נישט די זון — צעשמעלצט זיך בלויז
אין ליכט,
וואָס צערט די שאָטנס פון די פּאַלמעס, ווענט און געסלעך;
מיט שטראַלן־וואַסער וואַשט זי אָפּ דער שטאָטס געזיכט,
ס'זאָל ווערן אין זכרון אייביק־אומפאַרגעסלעך.

די שטיינער־ווענט, געוואַשענע אויף זויבער־ריין —
ווי קינדער ערב פּסח נאָך דער מאַמעס צוואָגן;
ווי אַ געכשרטער זעט אויס איעדער שטיין
און ווי פאַרגאַנגען מיט אַ ניצוץ איז אין טראָגן...

אויף הר־ציון שטייג איך אויף, ווי אויף שטראַלן־טרעפּ
און הער אַ שטומען רוף פון מלך דודס קבר.
מיין האַרץ לאָזט הערן זיך מיט סודותדיקע קלעפּ
און שטערנדלעך פון בלוט צעשיקט אין יעדן אבר.

איך קום אַרויף. אַ בנין. כ'גיי אין אים אַריין.
דאָס ליכט טוט פּלוצעם זיך אַ לעש אין מיינע אויגן,
נאָר ס'גייט באַלד אויף אין זיי אַ תהילימדיקע שיין,
וואָס מיניעט זיך מיט פאַרבנשפּיל פון רעגן־בויגן.

אַ טיפע נישע. קראַטעס. אָט־אָ איז דאָס אָרט,
ווו ס'רוט דער טויטער מלך און דער תהילים־דיכטער,
וואָס לעבט, און ס'איז אַ קוואַל פאַר דורשטיקע זיין וואָרט,
אַ קלאָרער שפּיגל פאַר דערשלאָגענע געזיכטער.

סע שטרעקט זיך אויס פון זיך אַליין די האַנט
צום טיש און נעמט אַ תהילימל. דאָס האַרץ נעמט נאָגן.
איך ווענד זיך מיטן פנים צו אַ שטומער וואַנט
און הער: מיר ביידע אַ קאַפּיטל תהילים זאָגן.

און שפּעטער, ווען איך קום צוריק אַרויס אין גאַס,
די לופט — מיט שטראַלן ציטערדיקע דורכגעשפּונען,
מיר דאַכט: די זון אין הימל איז געוואָרן בלאַס
אַקעגן דער, וואָס שיינט אין האַרץ — אַ זון פון זונען.

## שניי אין ירושלים

די זון האָט נעכטן אויסגעשקיִעהט רויט
און וואָלקנדלעך — מיט בלוט באַפּאָרבן ;
זיין פּאָרהאַנג האָט אַראָפּגעלאָזט — דער טויט,
דער טאָג איז הינטער אים געשטאָרבן.

באַגינען האָבן ווינטן זיך צעוויגט,
געגומען באַרג און טאָל פֿאַרזייען,
זיי האָבן פֿאַר געלעכטער זיך געשטיקט,
געקייכט, צעשאָטן זיך אין שנייען.

איר וווּנדערט זיך ? איך האָב דערקענט די שפּראַך
אויף דער נאַטורס פֿאַרשנייטן שטערן — —
אַ לעבעדיקער פּסוק פֿון תנ״ך :
„אם יהיו... ווייס ווי שניי זיי וועלן ווערן...

אסיאַ

## אַ מזמור

אייביק איינציקע, געקרוינטע,
שטאָט פון געטלעכער ירושה,
כ׳גיי אַרום דאָ ווי פאַרכישופט
אין געפלעכט פון רייץ און קדושה.

ניין, איך גיי ניט, נאָר איך חלום
כ׳שוועב אַוועק מיט דיינע וועגן,
ניט צוויי אויגן, נאָר צוויי פליגל
מיך באַוועגן.

נידער איך אין דיינע טאָלן,
הויז און בוים צונויפגעוואַקסן,
הייב איך זיך צו דיינע הייכן,
טורעמס גרויע אויף די אַקסלען.

צוגעטוליעט צו די ביימער,
תפילה־הייזער דיינע שטילע
האָרכן פרום און ציטעריק
ווי עולם פאַר נעילה.

מיט דער עפענונג אין טויער
רוקט זיך נאָנטקייט צו די ווייטן,
לויכטסט אַרויס דורך אַלע גרויען,
זונסט אַרויס פון אַלע צייטן.

כ׳גיי אַרום אין שרעק און שטוינען,
דאָרשט־פֿאַרשמאַכטע אַלע חושים.
אייביק איינציקע, געקרוינטע,
שטאָט פֿון געטלעכער ירושה.

הירש אָשעראָוויטש

# ירושלים
## (פראַגמענטן פון אַ פּאָעמע)

דאָס קניען פאַר דער גרויסקייט מאַכט נישט קליין
פאַרקערט: עס גאָר דערהייבט דעם קניער.

ירושלים,
איך טראָג אויף זיך די חרפּה־לאַסט פון הונדערט
דורות גלות.
ווי קום איך זיך דערוועגן ווענדן זיך צו דיר ?
די געלע שטיינער דיינע שיינען מיטן אור־הגנוז,
אַ שכינה־צערטל איז דיין ווינטעלעס באַריר.

כ׳לעב אין אַ צייט, ווען גרויסקייט איז פאַרשקלאַפט
ביי שיפלות,
ווען מענטש איז הפקר פאַר רדיפות און פאַר צוואַנג,
ווען דער געדאַנק, — אַפילו דער, וואָס העל און טיף איז, —
איז אָפט פאַרשלייערטער געפעלערטער געדאַנק.

איך ווייס, אַז שוין מיין שטיין פאַר דיר איז עזותדיקסטע
חוצפה.
ווער בין איך קעגן דיר, דו, ציטאַדעל פון פעלדז און גייסט ?
מיין ווענדונג, אין פאַרשליימיקטע הכנעה־רייד געפּוצטע,
אין דיין געדיכטן קדושה־טלית קריעה רייסט.

ניין, ניט קיין שליח־ציבור כ׳בין, איך בין אַ שליח־יחיד.
פון זיך אליין געשיקט צו דיינע טויערן איך קום.

מיין נעבעך־זעל, וואָס אויסגעהאַלטן יאָך און בראָך האָט,
קען נישט באַנוגענען זיך מיט באַגייסטערן זיך שטום...

איז זיי עס מוחל מיר, און זאָל מיין וואָרט דיר ניט
צו לאַסט זיין.
ס'מוז קינדיש־אַנהייבעריש זיין אַזאַ, וואָס זיך באַנייט ;
און שלאָגן זיך על־חטא איז נאָר אַ נוסח פון זיך
לאַשטשען —
די טרייסט די איינציקע אין אונדזער ווונדערדרייכער
האַרצלאָזיקער צייט.

✶

אויפן ציון־באַרג פאַרוויסטן
זענען פוקסן אומגעגאַנגען.
כיטרע פוקסן, זשעדנע פוקסן
מיט שאַקאַלישע פאַרלאַנגען.

און די טויבן, וואָס געטערקלט
האָבן אויפן הר־הבית,
זענען טויט אויף אים געלעגן,
אים באַדעקט, ווי מיט לישייעס,

און די שכינה זיך געטוליעט
האָט צום כותל־מערבי,
איז דער בראָך געווען נאָך גרעסער,
ווי ס'האָט אים געמאָלט דער נביא.

אויפן ציון־באַרג פאַרוויסטן
האָט געפּאָכעט פוקסן־ווײדל
און געווען איז מער מיוחס,
ווי די גריוועס פון די לייבן.

*

געלער פעלדז און געלער פעלדז.
פליין איז פעלדז און באַרג איז פעלדז,
און אַ שטאָט, וואָס איז פעלדז, —
דאָס ביסטו, ירושלים!

געאַכפּערט האָט מען רוים,
געגרייסט דעם וואַטיקאַן,
נאָר קיינער האָט זיך קיין מאָל ניט דערוועגט
צו טראַכטן, אַז ס׳קען זיין אַ „רומאָ של שמים".

און דו, וואָס אויסגעשטאַנען ביסט אַזעלכע גרויסע
חורבנס צוויי
און אָן אַ צאָל כסדרדיקע „ניט באַרימטע" חורבנס,
דו, וואָס געלעגן ביסט אין אַש,
געקאָרטשעט זיך פון שאַנד און פּיין,
דו — די שכולה פון צוויי בתי־מקדש,
באַלוינט ביסט מיטן גרויסן זכות,
פון דיר זאָל אויסשטראַלן די שיין,
וואָס אויף דיין אַלטן חכמה־קאָפּ
טוט אָן די קרוין „של מעלה"!

געלער פעלדז און געלער פעלדז.
טאָל איז פעלדז און באַרג איז פעלדז.
קענטיק : דווקא אויפן פעלדז
איז דאָס אָרט דאָס ריכטיקע פאַר העכסטן רוח.

**רבקה באַסמאַן**

## י ר ו ש ל י ם

פאַרעקשנטע שטאַמען,
שטיינערנע שבועות,
וואָס טראָגן צוזאַמען
דעם פונק פון נבֿואות.

אַ זוניקער בונד
קלינגט איבער טאָלן,
און קינדעריש יונג
זינגען אַמאָלן.

שטיינער פון אַלע צעוואָרפענע וויטן
אַנטפלעקן אַ זעונג — אַ גאָלדענעם טורעם,
און יעדער פון זיי באַלאָדן מיט צייטן —
טוליעט אין זיך סיי זון און סיי שטורעם.

פול איז דער וועג —
אַ מילגרוים מיט זאַפטן,
און פול איז דאָס אויג —
מיט טרער פון פאַרגאַפטע.

## ביים כותל מערבי

וואָס איך האָב דאָרט אַרייַנגעשריבן —
ווייס איך ניט.
מיר דוכט אַ ליד,
אַזאַ פּאַרוויינטע ליד
פון צאינה־וראינה־בלעטער.
געוויזן האָט זיך מיר
באַדאַכט און קלאָר,
אַז אותיות שיידן זיך
פון גופיקן פּאַפּיר
און וואַרטן אויף באַריר
צום אויסלייגן אַ תחינה.

איצט שטיי איך רויק. רו.
די אותיות זיינען דאָרט
און גאָט וועט זיי געפינען.

**יצחק בלומשטיין**

## מאה־שערים

### א.

אַלטע קינדער, נישט אַנטוויינט נאָך,
פרייער שפּאַן געהילט אין טרויער —
עפּעס שלוכצט נאָך, עפּעס וויינט נאָך
אין עקשנותדיקן דויער.

קינדער אין וואָלענע צייגן,
קינדער אין גלוט פון חמסינען —
שוואַלבן פאַרשפּאַרט אין די שטייגן
אין ליכט פון באַגינען.

לייבער אין וויקל פון שאַלן,
שלייער פאַרוואָרפן אויף שלייער —
בלאָנדזשען וויאָלעטענע שטראַלן
אין מיסט נעבן טויער...

### ב.

נישט קבלה, נישט גזרותדיקע האַמונג;
נישט משיחיות, נישט זיו־השכינה.
— ענג־האַרציקע אָפּצאַמונג,
בליקן — שנאה.

אַטלעס אין שטראַלן צעצונדן,
שטריימלעך, צעפלויגענע פּאָלעס.
ברעקלעך פון חסידישן פּוילן,
רעשטלעך סלאָוואַקישער גלות.

און מיט בליקן קאַלט־פאַרשטאַרטע,
און מיט טריט באַשווערטע, מידע,
שפּאַנען אום נטורי־קרתא
מיט חלומות פון בגידה...

אומעט ליגט אויף געסלעך שמאָלע,
ווי דער צער אויף פרישע קברים —
מיט יללה אויף גאולה
וויינט אַזוי מאה־שערים...

**מיכאל בן־משה**

## ירושלים תשכ״ט

אויסשעפּטשען דיין נאָמען —
מיט אַלע זיינע דינע, דממה־דקה־אותיות,
מיט אַלע זיינע אויסגעבענקטע, נאָגנדיקע קלאַנגען,
מיט אַלע זיינע אויסגעלייטערט־ליכטיקע געזאַנגען,
און אויסגיין אין בלחש פון אַ יעדן זילב.

זיך צוהערן —
ווי עס קלאַפּט דאָס האַרץ די שווייגנס אויס פּאַרטייעט
און עס ענטפערן די עכאָס אָפּ פון היילן טיף אין בלוט,
ווי עס ברומען ממעמקים אויף דעם זיידנס הייסע תפילות
און עס בריט זיין טרער מיין אויג מיט דורותדיקער גלות.

אויפרייסן די אויגן —
צו דער אַנטפּלעקונג, וואָס איז דיין צעבלויטער רוים,
דאָס ליכט, דאָס ליד —
די מויערן צעטורעמט אויף בערג דיינע צעפעלדזטע,
די מלכותדיקע קרוין און די געפּאַנצערטע שילד.

אויסטאָן זיך די שיך —
און ניט וואַגן, ניט וואַגן צופאַלן מיט ליפּן
פאַרשרפ׳עט צו דער ערד,
און ניט וואַגן איינגראָבן דעם הייס־צעגליטן שטערן
אין קילן, טרייסטנדיקן רוקן פון אַ פעלדז.

דאָ בלייבן שטיין —
דאָ איז די ערד צו אימהדיק, צו אויסגעלייטערט, הייליק,
דאָ איז דער שטויב פאַרברענט פון זון, פון טרערן און
פון בלוט,
דאָ גייען־אויף אויף מויערן די לעכצונגען אָן נאָמען,
די ווייען טויזנט־יאָריקע, דער גרויל, דער קוואַלנדיקער
מוט.
דאָ איז די שטאָט —
ניט חלום. וואָר. מיין גאָט, אַזאַ באַשיידונג
פון „אויב איך וועל פאַרגעסן דיך"... פון בענקשאַפט
אָן אַ ברעג!
דאָ קניען הערצער שטום, געפענטעט אינעם וואונדער.
דאָ בין איך אין דיין שטויב, אַ שטויבל דיינסביים שטעג.

**יונה בערקמאַן**

## ביים כותל

נעם מיך צו זיך אין דיין שטיינערנער אייביקייט, נעם מיך.
לאָז מיך זיין לעבן דיר אַזוי קליין, פּונקט ווי קליין איז
אַזאַ, וועמען ס׳פּעלט אויס אַ טראָפּעלע מוט אין די אויגן
אַנטקעגן דיין קדושה, נאָך גרעסער ווי משה רבנוס.

ווער בין איך ? אַ מילב אויף די קני לעם דיין וואַכיקן אויער
פֿאַר תפילות פֿון דיין פֿאָלק ישראל אין כלערליי צייטן ;
און וויל איך אַ טרער זיין אין טייכן געוויין, וואָס דיין
האַרץ האָט פֿאַרנומען,
ווייס איך ניט, צי איז זי אויך ווי מיין מאַמעס געלייטערט.

נאָר אין מיין ציטער פֿאַר דיר איך פֿאַרגיי אין אַ שטומקייט,
ווייל כ׳האָב ניט קיין פּשוטע ווערטער אַנטקעגן דיין
פּשוטער גדולה ;
און מורא האָב איך מיט די הענט צו באַרירן דיין קדושה,
מיין טרוקענער שלוכץ ביי דער שיין, וואָס דו וואַרפסט
אויף מיין חולין.

טאָ לאָז מיך אַ זעמדעלע זיין צווישן קוויטעלעך, תחינות,
וואָס דו האָסט פֿאַרהיט אין זכרון עד סוף כל הדורות ;
און זאָל איך אויף ווייטער מיט דיר זיין אַ שטילער מחותן
אויף שמחות פֿון מוטיקע יורשים פֿון דיין עם קשה־עורף.

יעקב גלאַטשטיין

## פון ציקל „געזאַנגען"
**(פראַגמענט)**

ווער וואָלט איצט געהאַט די העזה
צו זאָגן אַז אין דעם פריידיקן פאַרטאָגן
פלאַקערט דער גאָט פון שפּינאָזע?
אַ ירושלימער יינגעלע
מיט לאַנגע, אויסגעצוואָגענע פּיאות,
מיט קלוגע, פרומע אויגן,
ווייזט מיט פרייד אויפן הימל.
זיין פּנים וואָס איז גאָטפּאָרכטיק
איז באַלויכטן פון דער מאָרגנדיקער שעה.
זעסט, ער איז ניט ווייט,
ניט דאָרטיק,
אונדזער גאָט איז דאָ.

# ז י ג ע ר

טרויעריקער זיגער,
לייג אַוועק דעם קאָפּ דעם מידן.
ביסט נעבעך מיד פון וועג,
ביסט שווער פאַרמאַטערט.
האָסט פיינט צו זיין אַ קריגער, —
האָסטו דעם גאַנצן עסק געפּטרט
אין זעקס טעג.

לייג אַוועק דעם קאָפּ דעם מידן,
ביסט נישט ככל־הגויים,
נאָר ככל־ה׳יידן.

יידישער זיגער,
ס׳צווינגען גויים דיך
און דעם יידישן גאָט
נסים צו באַווייזן.
אויפן שונא האָט געציטערט די הויט,
ווען זיי האָבן געשטויסן דעם פאַרלאַכטן
יידישן פּחדן
צו ווערן שטאָל און אייזן
אויפן פעלד פון טויט.

ביסט נישט קיין איש־מלחמה,
נאָר אַ מאַן פון פרידן.
האָט מען באַדאַרפט זיין אַ נביא,
אַז לויפסט וואָס גיכער זיך אויסוויינען
ביי דער כותל־המערבי ?

ווייל ביסט אַ מאַן פון פרידן,
נישט חלילה ככל־הגוים,
נאָר ככל־ה׳יידן.

יעקב גלאַנץ

# ירושלים

ירושלים!
פון דיינע טורעמס חרובע,
אַלטע און נייע, —
בליקט דער חלום פון ישעיה
מיט אויגנלעכער אויסגערונענע.
צו די אָפּגעפּונענע
און צו די פאַרלוירענע אין תהומען.
צו די אָנגעזעטיקטע
און צו די, וואָס קומען אָן
פאַרשפּעטיקטע
צום אחרית הימים.

צו די, וואָס קומען אויסגעלייזט
צו שטאַרבן,
און צו די, וואָס קומען אַרבן
אַ כזית
טרייסט
אויפן הר־הבית.

צום הייליקן אין צויטן
פון אַבאַיע,
און צום קינד דעם טויטן
איינגעוויגט
אין יער־הקדושים־רויש,
דערבליקט
דער חלום פון ישעיה.

און ס'רויטעט, קילע ליכט
פון טריפנדיקער שקיעה
פֿאַרטריפט נאָך אַלץ
דעם אויסגעשטרעקטן האַלדז
פון קרבן
אויפן הר מוריה.

חיים גראַדע

# ירושלים

דיין טאָכטער ווילנע לעבט ניט מער, ירושלים,
אין טויבנשלאַק ביי גאָט איז זי, בצרור החיים,
דיין טאָכטער פון דער ליטע איז אַרויף אין פייער.
ווי אירע עלטסטע שוועסטערס — וואָרמס, מיינץ און שפּייער,
ווי אירע צווילינג־שוועסטערס — אַלט־לובלין און קראָקע,
ווייל זיי האָט נישט באַשיינט ווי דיך די זון פון צדקה,
כאָטש יידן האָבן זייער ווינקלשטיין געטעסעט,
און זייער בית־דין איז געבויט אויף חסד.
בלויז דו, ירושלים, ווערסט געהיט אין עיגול
פון דיינע בערגלעך — לייביכעס מיט פליגל;
בלויז דו קענסט ווייטער שמייכלען זוניק דורך די וויעס,
נאָך גאָר דאָס בלוט פון דיינע אויסגעטריפטע שקיעות;
און בלויז אויף דיינע טויערן איז גאָט דער וועכטער,
דו, מאַמע, וואָס לעבט־איבער אַלע אירע טעכטער.

ווען איך האָב דיך דערזען, מיין שטילע עיר הקודש,
האָב איך דערזען מיין מאַמען ווי זי בענטשט ראש־חודש,
און ווי איר זיס געוויין ציט־אויס זיך גאָלדיק־סטרוניק
און ציטערט אויף מיין פּנים סודותדיק און זוניק,
און ווי מען גייט פון טיר צו טיר אין גאַס אַריבער,
בין איך פון ווילנע גלייך אַריין אין דיינע שטיבער;
פון מיינע קלויז־יידן צו דיינע ירושלימס,
פון מיינע ווערבעס ביי דעם טייך צו דיינע פּאַלמעס,

פון מיינע האָרעפּאַשניקעס אין ענגע היימען
צו דיינע פּועלים פון הייסן מדבר תימן.
מיט אַלע מיינע וואָגלענישן און מיין בלאָנקען,
מיט גאָר דער לאַסט פון זינד, וואָס איז מיר ניט געשאָנקען,
און מיט מיין גאַנצער שטאָט, וואָס גאָט האָט ניט
באַגנעדיקט —
איך שטיי פאַר דיר, ירושלים, עיר הצדק.

צוויי שמיטהס האָב איך אָפּגעטרויערט שוין אין בבל
פון שטיינערנעם ניו־יאָרק — און בין נאָך אַלץ אַן אבל.
און וואָס איך בוי, ווערט מיטגעשלעפּט פון שטראָם
דעם שטאַרקן,
און וואָס איך פלאַנץ, פאַרקריכט דאָס ווילדגראָז דורך
מיין פאַרקאַן.
און ווייל איך בין געבליבן אומעטום אַ פרעמדער,
איז בייט איך שטעט און לענדער ווי פאַרשוויצטע העמדער.
אין ריאָ־דע־זשאַניירא הייסט אַ פעלדז גאָטס פינגער —
געוויזן האָט ער גאָר ניט, מיר זאָל ווערן גרינגער.
און ווייל איך האָב ניט מיטגעבויט דעם וועג דעם נייעם
צו דיינע אַלטע טויערן, ירושלים.

צו אַ באַשערטער כלה ביסטו מיר געגליכן,
אין טרוים האָב איך געקענט דיין פּנים, דיינע שטריכן.
נאָר אויף דער וואָר ביסטו אַנטקעגן מיר געקומען
מיט גרוי־פאַרראָסטע טאַנקן צוגעדעקט מיט בלומען.
די טאַנקן שטייען אין די בערג אַריינגערינגלט,
די בלומען האָט געבראַכט אַ מיידל פאַר איר יינגל.
און ווער עס איז צו דיינע הייכן עולה־רגל,

דערזעט אַ שיף וואָס פלאַטערט ניט אויף ווייסע זעגל;
זי שטייט אויף דעם גיבורים־באַרג פאַר אַ זכרון
נאָך דריי און צוואַנציק זין וואָס זיינען ניט
דערפאָרן — — —
און הויך אין הימל שפּיגלט־אָפּ זיך זייער שמייכל
פון ים־גרונט, דעם קרישטאָלענעם — פון זייער היכל.

אַפּילו אַ צעשניטענע און אַ צעטיילטע,
ביסטו פון אַלע וועלטלעכע מיר אַן אויסדערוויילטע.
איך האָב געזען מאַשין־געווער אויף דיינע דעכער,
און אויגן פיינטלעכע וואָס לויערן דורך לעכער,
פאַרצוימונגען פון דאָרט און אָנגעשטעלטע לופעס —
דאָך שטראַלסטו מיטן גנאָד פון אויסטערלישע תקופות.
אויך דיינע חורבות האָבן אַ באַגליקטן אויסזען,
ווי מחנות יונגע פייגל וואָלטן דאָרטן הויזן.
דיין זונשיין איז אַ גינגאָלד־פּאַנצער און איז מגין
אויף אַלעמען וואָס ווייסן, — דו ביסט זייער אייגנס!
במנוחה גייען זיי און צאַפּלען ניט און צוקן,
ווען ס'בויערן דעם שונאס אויגן זייער רוקן.
אַפּילו אין געפעכט ביסטו די עיר השלום,
אַפּילו אויף דער וואָר ביסטו מיין שטאָט פון שלום.
מיט יונג און אַלט, מיט אשכנזים און מיט פרענקן
בין איך אַרויף אויף דיינע בערג, אין איינעם בענקען
צו יענער גורל־וואַנט מיט גראָז אין אירע שפּאַלטן,
די וואַנט פאַר איטלעכן זיין פנים צו באַהאַלטן.
און ניט מיט ביטערניש; מיט פרייד אין אונדזער
בענקשאַפט
האָט אונדזער בליק געזוכט אויף יענער זייט, אין ענגשאַפט

פון קלויסטערס און מעטשעטן — אונדזער אויסגעוויינטע,
אין טרערן אַ פאַרשלייערטע און אַ באַחנטע.
און פון דעם ציון־באַרג, די אָפּגעהיטע פעסטונג,
וואָס שטייט ביים גרענעץ גרייט אויף גרויזאַמער
פאַרמעסטונג.

(געשריבן פאר דער זעקסטאגיקער מלחמה)

**פערל האַלטער**

# י ר ו ש ל י ם

ביסט בלענדיק און הייליק —
ירושלים,
ווען מען קומט צו דיינע טויערן,
ווי אַ קינד צו דער מאַמען.
אינעם ליכט פון דיינע מויערן
ליכטיקט די געטלעכקייט אַליין מסתמא,
נאָר עס שרעקן מיך
דיינע אָנגעהויפטע
און צעוואָרפענע שטיינער, —
ווי די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ
האָבן מיך געשראָקן.
כ׳וועל אויסטאָן מיינע שיך און זאָקן
און אַ באָרוועסע לויפן
אויף דיינע אַלטע, תנ״כישע וועגן —
דעם נייעם בלי אַנטקעגן.
כ׳וועל אַריבערשפּאַנען פון מאה־שערים
ביז דעם בנין פון „הדסה״.
און פון אינערלעכן ציטער — אַ בלאַסע —
זיך פּרוּוון היילן
פון אַלע דורכגעלעבטע ווייען און פּיינען,
און זעטיקן מיין אויג
מיט די צעגרינטע וועלדלעך,
גערטנער און פּליינען.
כ׳וועל קוקן דורך די ברייטע ליכטיקע פענצטער

אויף די בערג פון יהודה
און פון וואַנדערן אַ מידע —
וועסטו מיך שטאַרקן מיט דיין קדושה —
ירושלים.

בינם העלער

# אויפן הר־ציון

די שטאָט איז צעשפּאָלטן אויף צוויי,
און ציון דער באַרג — אין דער מיט.
אַ צייכן פון ווינד און פון וויי,
אין האַרץ פון ישראל אַ שניט.

אין רעשטן בנינים פון שטיין
דערקענסטו די שיכטן פון צייט. —
געדענק, אַז די וואַנט פון געוויין
איז דאָרט, אויף דער אַנדערער זייט.

אַ גרענעץ אין מיטן דער שטאָט,
דיין יעדער באַוועג ווערט פאַרקלעמט,
און טוסטו אַ ברייטערן טראָט —
געפינסטו זיך שוין אין דער פרעמד.

אַפילו דער שטים איז צו ענג —
עס פעלט פאַר איר עכאָ די ווייט. —
דער קבר פון רחל, געדענק,
איז דאָרט, אויף דער אַנדערער זייט.

און וואָס איז געבליבן דאָ גאַנץ ?
און וואָס איז געבליבן פאַרהיט ?
פון דוד המלך דער גלאַנץ,
צי גאָר פונעם תהלים זיין ליד ?

איך ווייס, אַז דער גלאַנץ איז נישט דער,
אַז ער איז געפּעלשט און געבאָרגט;
איך ווייס, אַז פון ליד איז נישט מער
געבליבן, נאָר ווייטיק און זאָרג.

איך האָב דאָס פון גלות געבראַכט
אין פרעמדע ניגונים פאַרקליידט.
נישטאָ דאָרט פון דוד די פּראַכט,
נישטאָ דאָרט קיין שפּור פון זיין פרייד.

זאָל זיין! איך וועל צינדן אַ ליכט
און געבן דעם ייד מיין געשאַנק.
נאָר זאָל ער נישט זען מיין געזיכט
אין טרויער פון תהלים־געזאַנג.

גיי שנעלער אַוועק און פאַרשווינד,
נאָך איידער מען הערט דיין געשריי,
נאָך איידער פון טרערן ווערסט בלינד — — — —
די שטאָט איז צעשפּאָלטן אויף צוויי.

(געשריבן פאר דער זעקסטאגיקער מלחמה)

## דורך טויער און טויער

אַזוי זענען יידן געגאַנגען דורך טויער און טויער,
מיט קינדער און זקנים — אַהין, צו דער הייליקער מויער.

די וועלט האָט דעם גאַנג נישט געזען שוין זינט יאָרן
צוויי טויזנט:
אַ גאַנג אין געדראַנג, אין געוויין, אין געצוימטקייט —
און ברויזיק.

ווי ס'וואָלט זיך אין רחמים פאַרוואַנדלט
דער פינצטערער צאָרן —
און לעבעדיק זענען די אַשן פון פוילן געוואָרן.

איך גיי מיטן פאָלק; כ'גיי צו דער הייליקער מויער,
דעם גאַנג אין געדראַנג, און מיט טרערן פון פרייד
און פון טרויער.

מען מעג שוין! מען דאַרף זיך שוין מער מיט די טרערן
נישט שעמען:
אַז ס'וויינען די זעלנער — פאַר ווען זיך שעמען,
פאַר ווען?

עס וויינען נישט — בלויז יענע העלדן, וואָס זענען געפאַלן.
זיי קאָנען נישט זען, ווי עס קומען די דריי גענעראַלן:

דיין, און רבין, און נאַרקיס — דורכן טריומפיקן טויער —
אין גאַנג, אין געדראַנג — אַהין, צו דער הייליקער מויער.

## כותל־מערבי ביי נאַכט

אַ נאַכט — אַ חלום, און איך מוז אים גלייבן.
פון דער לבנהס קאַלטן ליכט איצט גלי איך.
איך גיי אַדורך דעם טויער פון די לייבן
און זוך די אַלטע שפּורן פון משיח.

עס קרעכצן אונטער מיינע טריט די שטיינער,
און באַלד אַנטפּלעקט זיך מיר דער פּלאַץ — אַ פּוסטער,
און בלויז אַ מנין אייביקע באַוויינער,
וואָס רופן צו אַ ווייט אַן אומבאַוווּסטער.

דער מנין ייִדן מיט די בערד און פּיאות
איז איינגעהילט אין שוואַרצן און אין בלייכן.
זיי שרייען, און די וואַנט פול מיט געשריי איז.
נאָר צו דער טרייסט — זיי קאָנען נישט דערגרייכן.

בלויז איינער, אין אַ זייט, שטייט אָן אַ תנועה,
דאָס פּנים צו דעם הימל אויפגעהויבן.
ער הערט זיך איין אין זייער תפילה־טועו
און שטיל ער בעט אַ טייל פון זייער גלויבן.

דער מנין ייִדן ענדיקט שוין די תפילה,
דער לעצטער „אמן" הילעכט אָפּ בציבור.
אַ גאָלדענע לבנה און אַ פולע
באַקריינט דעם איינציקן, וואָס בלייבט דאָרט איבער.

משה וואַלדמאַן

## גאַנג־אַרויף צו ירושלים

### א

פון דער ערשטער אלף אין רבינס אַלטן סידור —
דורך אַלע פרי און רייפע יאָרן,
אויף דיינע טרעפּ איך בין געשטיגן —
חלומדיק צעבלויטע וואָר.

אויף אַלע גרויע נע־ונעדן —
דורך קאַלטן צפון־וואַלד דעם ווייסן ;
דורך וויסטן דרום־מדבר הייסן —
צו דיינע הויכקייטן איך בין געקומען.

וואָר, מיין ליכטיקע וואָר,
וואָס איך זע ערשט אין רייפקייט
פון מיינע פרי־פאַרגרויטע האָר.

ווער האָט מיך היינט געברענגט אַהער —
שטאָט פון מיין טאַטנס חלום,
פון מיין זיידנס ליכטיקע בענטשונג —
ווען אַ קינד קוים פון יאָרן פיר,
געהערט האָב איך די בראשיתדיקע ברכה
אויף דער שוועל פון זיין אָפענער טיר.

### ב

היינט איז מיין עליה צו דיר —
נישט מיט פאַרשטויבטע, באָרוועסע פיס,

ווי ס'איז דער זקן פון תימן געגאַנגען —
פול מיט שירה, מיט תפילה און לויב.

מיינע שיך האָבן אַפילו נישט דעם שטויב
פון יענע צעריסענע, שטייניקע וועגן,
ווּ די געבליבענע בלוט־טראָפּנס
בליען אויף נאָר אין ווינטיקע נעכט.

מיין געוווּנענע טאַכטערס אַ שטאָם־ברודער,
פון די אַטלאַס־בערג געקומען אַהער —
ער פירט מיך אויף אַ געפלאַסטערטן וועג —
דעם וועג, וואָס געפירט האָט דיינע זין צו נצחון.

נאָר דער שפּיגלדיק־גלאַנציקער אַספאַלט
נעמט דיך אַרום ווי אַ רצועה,
בלייבט אַלץ פאַר מיר אין קדושה,
וואָס מאַכט שעפּטשען מיינע טרוקענע ליפּן.

ג

גריסן מיך די בערג פון יהודה
מיט אַ זוניק העל געזאַנג,
שטאָט דו ליכטיקע — ירושלים של זהב.

דער געקומענער פון די אַטלאַס־בערג
זינגט־אויף דאָס פאַרבענקטע ליד,
ווּ איך הער דעם ניגון פון זיינע זיידעס.

און אפשר — אפשר איז פאַרקערט ? —
ס'געזאַנג פונעם יונגן בן־זקן,
מאַכט זינגען די ליכטיקע בערג,

וואָס צעצאַפּלען מיין האַרץ —
מיט די בענקשאַפטן פון פאַרוואָגלטע פּרינצן,
וואָס האָבן געזוכט זייער פאַרלוירענע היים.

ד

שוועסטער, וואָס קומסט מיר אַנטקעגן
מיט זוניקן גלי אויף די ליפּן,
מיט גאָלדענעם ברי אין די האָר —
ברענג מיר וואַסער צו וואַשן די פיס,
אַ געטובלטער צו טרעטן אויף די שטיינער
פון דיין היים — מיין טאַטנס חלום —
וואָס ער האָט אַריינגעחלומט אין מיר.

טאַטע מיינער, טאַטע יונג־געשטראָפּטער —
פאַרגאַנגענער אין רויכן —
איך נעם דיך מיט איצט
איבער די אויפגעאַקערטע רחבותן —
אונטער א תכילתדיקן הימל,
פאַר וועלכן האָסט געדאַוונט יעדן טאָג,
מיט אַ בענקשאַפט פון יום־טוב צו יום־טוב —
לשנה הבאה בירושלים.

מאַמע מיינע, מאַמע ליכטיקע,
שטענדיק בענקענדיקע — אין שווערע עולן,
דו וואָס האָסט געזונגען אין שטילע פאַרנאַכטן
פון „יאַנקעלעס וויגעלע"
און „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" —
פון כעלמנאָ רוף איך דיך: קום מיט!

איך גיי אַרויף צו דער שטאָט,
וואָס האָט מיט קדושה פון דער אַלטער מויער
אויף מיין גרויער וועלט געשטראַלט.

ה

שוין גריסן מיך די הייזער פון דער ווייטנס
מיט גאָלדענע, גינגאָלדענע שטראַלן;
שוין זוניקן אַנטקעגן די ביימער
מיט גרינקייטן פון פרוכטיקן בלי,
וואָס גיט שאָטן דעם אור־אייניקל מיין זיידעס —
געבוירן אין דיינע מויערן — ירושלים.

שלמה וואַרזאָגער

# ירושלים

שלום, שלום, ירושלים.
דו אייביקע,
גלייביקע,
וואָרע.

פון די פעלדער, הויכקייטן און טאָלן
אַרום הר הבית
ווידער עולה־רגל׳ט צו מיין ראיה
דיין חסד און דיין חידוש;
ווער האָט לשון?
ווער קאָן מאָלן?

אויסגעגאַנגען ס׳חיות איז מיין זיידן נאָך אַזאַ עליה —
געקומען בלויז זיין שטויב איז:
שטויבן פון אַ חלום;
— אַ באָרד אַ בלויע,
אַלטע ברילן איבער געלן סידור,
זיבן אותיות אין אַן אויסטערלישער חידה — ירושלים.

אין דער שעה דער גרויסער
ווי דער נס פון דיין באַפרייען:
אַריבער דעם נײַנאונצוואַנציקסטן נאָוועמבער —
שטיי איך אַ באַנייטער לעם דיר
געטליתט אין בלוי וואָס איבער הר הצופים
מתפלל בין צום נס פון צוויי אלפים.

אין דער שעה דער אָפענער
פאַר מלחמה, פאַר שלום —
לעגענדיק גייסט אַ גאַנצע אַרויס פון חלום.
מיט לוחות גראַניטענע גייט אַקעגן דיר דער סיני —
און איך פון נס געטראָפן,
ווי פון אַ בליץ —
גיי שיעור נישט אַראָפּ פון זינען.

ז. וויינפער

# אין קדרון־טאָל

### א.

אָט באַלד און — דורך די געסלעך דיינע
וועלן פאַלן מיינע טריט.
איך וואַקל זיך אויף שטיינער, נאָר איך פיל זיי ניט.
לאַנגזאַם ווערט פאַרשווונדן הינטער מיר דער טאָל
און פאַר די אויגן מיינע טוט זיך מיט אַ מאָל
אַ הייב אַ טויער — גרוי און שווער.
אַ זקן מיט אַ גרויסער, גרויער באָרד
פאַלט צו צו דר׳ערד,
און קושט זי, קושט — אַ צוגעפאַלענער צו איר
און, טוט זיך זייער לאַנג נישט פונעם אָרט קיין ריר.

אויף איינעם פון די בערג טוט עפּעס ווי אַ בלענד:
אַ רייטער אויף אַ פערד.
עס בליצט אַנטקעגן זון זיין שטאָלערן געווער.
— העי, רייטער, רייטער דו!
און, ס׳פאַלט צום באַיאָנעט מיין האַנט אַ שטייפע צו...
דער רייטער רייט אַ רואיקער פאָרביי פאַר מיר
און ווערט אין קדרון־טאָל פאַרשווונדן ווו.

### ב.

געסלעך — חורבות און — אַ גרויע מויער.
ס׳האַרץ איז פול מיר, פול מיט פרייד און טרויער.
אַ ייד אין אַ געוועלב — פאַרטאָן מיט סחורה —

הייבט־אויף אויף מיר דעם בליק זיינעם, מיט מורא.
באַפּאַהטע צוויי ייִנגלעך מיט גרויסע, שוואַרצע אויגן,
זענען לייכט, פון ערגעץ, ווי די פייגל אָנגעפלויגן:
חיל עברי! חיל עברי! אָט דאָרטן, דאָרטן גייט ער!
און איבער געסלעך, איינס פון אַנדערן פאַרדרייטער —
גיי איך מיט געוואַקל צו דער גרויער מויער —
מיט אַ האַרץ, וואָס פול איז, פול מיט פרייד און טרויער.

## ביים כותל

אַ וואַנט פון ריזן־שטיינער —
שטיין אויף שטיין מיט מאָך אַרומגעבליט...
און נעבן איר — פּאַרגליווערט, אומבאַוועגלעך —
שטייט אַ ייד,
ווי ער וואָלט געווען אַ שטומער טייל פון איר.
אַ מחנה בעטלערס טוען זיך אַ לאָז צו מיר.
אַן אַלטע פרוי לאָזט שווער פון לעצטן טרעפּל זיך אַראָפּ
און גיט ווי איך — דאָס לעצטע קליינגעלט צו די
בעטלערס אָפּ.
און ביי דער וואַנט — דער אומבאַוועגלעך־שטומער ייד —
ער שטייט ווי פריער און ער רירט זיך ניט.
וואָס טראַכט דער שווייגנדיקער ייד אין זיך?
צי פילט ער אויך אַצינד די שטויביקייט, ווי איך —
אַן אָנגעשפּאַרטער אָנעם גרויען, קאַלטן שטיין?
איך גלייך זיך אויס — אַ גרייטער שוין אַוועקצוגיין,
און ווידער הער איך ס׳גרילציק־בעטלערשע געשריי,
נאָר איצטער אַרט מיך ניט.
כ׳בין אויך אַ בעטלער איצט, ווי זיי.

בעריש ווײַנשטיין

## פון דער פּאָעמע „בערגלעך טרויער"

מ'גייט צוריק איינגעמען דעם סידור — ירושלים:
די בלעטער וואָס האָבן געוויינט אויף אירע מויערן,
וואָס האָבן רק געהאַלטן אויף איר אין טרויערן
אין אַלע וואָכעדיקע שמונה־עשרהס,
ווען מ'איז געשטאַנען אין סוחרישע קליידער,
ווען מ'איז געשטאַנען אין טרעגערישע קליידער.

מ'גייט צוריק איינגעמען דעם סידור — ירושלים:
די בלעטער, וואָס האָבן געוויינט אויף אירע מויערן,
וואָס האָבן רק געהאַלטן אויף איר אין טרויערן
אין אַלע שבתדיקע שמונה־עשרהס,
ווען מ'איז געשטאַנען אין ספרדישע בגדים,
ווען מ'איז געשטאַנען אין אשכנזער בגדים
און זיך אויסגערוקט מיט: עמו ישראל בשלום!

ס'איז עפּעס אַן אַנדער גיין — ווען מ'גייט קיין ירושלים.
ס'איז עפּעס אַן אַנדער ציטער — ווען מ'גייט צו אַזאַ שטאָט.
מעגסט זיין אַזאַ, וואָס ביסט נישט ווי דיין זיידע פרום,
אָבער אַז דו זעסט דעם הר־ציון — ווערן די אויגן שטום
און די טרער דיינע ווערט גיך פאַרגלייזט ווי פראָסט.

ביסט, סאַנע, אויפן הויכן וועג צו דער זון
און נישט מער אין וואַך פסח ביי נאַכט. —
ס'האָט זיך געעפנט דאָס טויער פון אליהוס מויער

און ס'איז ירושלים צוריק דעם טאַטנס, צוריק מיין,
כאָטש כ'האָב דעמאָלט די זכיה נישט געהאַט אַריינצוגיין
מיט דיר, מיט אַלע דיינע זעלנערישע יונגען באַנאַנד
אין דודס שטאָט פון מיין לאַנד.

נעם מיט, סאַנע, מיין טרער צו דער ירושלימער מויער
און לאָז זי פאַלן אויף די בערגלעך טרויער
פון די יינגלעך, וואָס זענען מיט מיר אַוועק קיין ווין,
דערנאָך פון מאַרסעי זיך געלאָזט אַהין.

גאָט,
וויפל ליגן זיי אונטער די בערגלעך אַש
און נישט אין זינדאָפּפער,
נישט אין שולדאָפּפער,
נישט אין בראַנדאָפּפער,
אַ יינגלאָפּפער —
האָבן זיי געברענגט צו דיר,
ווי דו האָסט צו משהן גערעדט
אַזויצוזאָגן.

## פון דער פּאָעמע „פון טרויער צום טויער"

פון טרויער צום טויער — ירושלים,
קום איך צו דיר, געהייליקטע שטאָט!
מ'האָט דיך אויסגעדאַוונט און אויסגעוויינט
אין אונדזערע קלויזן, אין אונדזערע טרערן,
אין געלע סידורים, אין לאַנגע פּאַרמעטן.
אין טליתים האָט מען דיך איינגעוועבט,
אין שטילע שמונה־עשרהס דיך איינגעשוויגן.
די הענט פאַר די בענטשליכט שטאַרקסטו,
פון דער מאַמעס שטערנטיכל שטראַלסטו,
ווערסט אונדזער גאַנצער שבת, ירושלים,
אונדזער גאַנצער גאָט פון אברהם...

איך גענען צו דיר — ירושלים,
מיט דער גענענונג פונעם יינגל צו „ויקרא",
אין טלית פון אלף־בית פאַרוויקלט —
און ברענג דיר דעם אויסגעדויערטן האָפער
אין זכות פון אויסגעטרערטן טרויער,
וואָס כ'האָב אויפגעהיטן, אויסגעטראָגן
דורך אַלע פלאַמען, לענדער און ימען,
אומצוקערן זיך גאַנץ אין דודס שטאָט.

און נישט נאָר דאָס —
איך האָב די טאָרבע גלות פאַרוואָרפן
פאַרן יבנה־ירושלים אין אונדזערע טעג.
ס'אָרט אויף יענעם בלאַט איז אויסגעווייקט

פון רויטע אויגן, פון דורות טרערן ;
פון לייטזעליקן אונדזערע פרעמדע יאָרן
מיט כוח, וואָס האָט מיך געטראָגן
פון טרויער צום טויער — ירושלים.

## פון דער פּאָעמע „אין דוד המלכס גיטער"

פון דעמאָלט האָבן די יונגען איבער ישראל געוואַכט.
ס'איז נאָך געווען אַ „יענע זייט" ירושלים
און אַלע שטעט פון יענעם פּלאַכלאַנד
מיט די נחלות פון די קינדער פון די שבטים.
דערצו זענען זיי אַרויס פון די שטיבער;
זיך געוואַלגערט אין ביטערע פרעמדע גיטער —
דאָס בלוט האָט געצויגן מיטן זיידנס אויגן
פונעם טרויער צום טויער — ירושלים.

אָ, איר זין, טעכטער פון אונדזערע סידורים!
געטריי־זיין די ערד זענט איר געקומען.
דאָ וועט איר געבערן, וועט איר זיך מערן
און ווי דוד קיניגן איבער ירושלים,
איבער אַלע אונדזערע שטעט פון חומש.
די אייזלען שטייען געלאָדן מיט ברויטן,
מיט בינטלעך ראָזשינקעס, מיט אויבסטן
פאַר אייך, שטאָלצע יונגען, צום עסן.
ס'איז אונדזערע געמאַרקן וואָס ביי זיי,
אין אונדזערע טויערן וועלן מיר אַריין,
ווי עס האָט געבאָטן אדוני אונדזער גאָט!

פריד וויינינגער

## אין קיינעמס לאַנד

אַ גרויע וואַנט באַקרוינט מיט שטעכלדראָטן
צעטיילט די פּוסטקייט אינעם קיינעמס־לאַנד.
אַ הויז מיט טויטע אויגן, נאָכן בראַנד.
שטייט חרוב און פאַרלאָזט און האַלב פאַרשאָטן.

אַ וועכטער דאָ און דאָרט, די שילד, די שאַנד,
אַז דו האָסט איצט אַ שטומען לאַן באַטראָטן,
אַז ווייטער איז דער ויסטער וועג „פאַרבאָטן" :
דערמאָנען דיך, דו שטייסט ביים סאַמע ראַנד

פון זיין, וואָס זעט אויס זינלאָז דאָ אין רוים.
אַ קאַקטוס גרינט ווי ר׳וואָלט אַראָפּ פון זינען,
און שטעכט זיך דורך און מיינט ער איז אַ בוים,

און קאָן אַפילו ניט קיין רו געפינען,
קיין אָרט פאַר זיינע דערנער אינעם גאָרטן
פון קיינעמס־לאַנד, וואָס טיילט דעם דאָ פון דאָרטן.

## מאה־שערים

אַ קאַץ פילט זיך ניט אַזוי מאָדנע דאָ.
אזוי פיל אויגן פרעגן מיך דאָ שטום
און קאַלט — וואָס זוך איך, און פון וואַנען כ׳קום —
ווי כ׳וואָלט געווען אַן איבעריקע שעה

אין רעכענונג פון צייט. פון אומעטום
טריפט חשד. אַ בליק וואָס האָט קיין דנאָ —
ווי איך, וואָלט אינעם פעלד געווען אַ קראָ, —
פאָלגט נאָך מיר טראָט נאָך טראָט אין דעם אַרום.

כ׳בלייב שטיין אַ רגע אין אַ גאַס פון נעכטן...
די זון אין בלוי האָט מיך ווייזט אויס פאַרשטאַנען
און פרווט מיר אומזיכטבאַרע פאות פלעכטן,

און דעקט מיט שטראַלן צו מיין הוילן קאָפּ.
נאָר ס׳העלפט ניט, און איך מוז ווייטער שפּאַנען.
די זון פאַלט אַ פאַרשעמטע, רויט אַראָפּ.

רחל וועפרינסקי

## צום כותל המערבי

פאַרלאָז דיין אָפּגעשלאָסן קבר
אין באַרג פון יהודה —
זינגערין פון ירושלים,
גרינגפיסיקע ריקודה!
לאָמיר זינגען און טאַנצן גיין
צום כותל מערבי —
מיט אַלע זינגערינס
פון פאָלק ישראל!
אונדז אין פאָרויס,
מיט פויק אין האַנט —
מרים הנביאה!
ס'האַרץ איז דערהויבן
פון נס און נצחון,
און געעפנט האָט גאָט
אַלע פאַרריגלטע קוואַלן;
זיסע שטערן פאַלן
אין קאַרבן פון אַלטע הייליקע שטיינער;
זאָל קיינער נישט אויסבלייבן, קיינער!
לאָמיר אַרומרינגלען די וואַנט
מיט טאַנץ און מיט שירה!
האָרך: סע זינגט פון נצחון, ישראל!
סע זינגען מיט

אונדזערע העלדן־קינדער ;
און די קדושים
פון אַלע פּריערס —
זינגען פון די זיבן הימלען.

**אברהם זאַק**

# אין די טריט פון די אבות

ירושלים! האָסט באַרירט אין מיר די דינסטע סטרונעס
נאָך איידער, איידער כ'האָב געזען דיין וווּנדער אויף
דער וואָר.
איצט גיי איך אַ פאַרחלומטער אויף דיינע שטילע גאַסן;
אַיעדן טאָג מיך וועקט די בלויקייט אויף פון דיין קאַיאָר.

ווי נאָנט מיר דיינע שטיינער, דיינע בערגלדיקע געסלעך,
די גרויע בערג די פעלדזיקע, וואָס רינגלען דיך אַרום.
פון הר־ציון דער מגדל־דוד רעדט צו מיר אַריבער
מיט חומש־שפּראַך רמזימדיק פון דורות לאַנג שוין שטום.

איך בלאָנקע־אום. מיך ציט, מיך לאָקט אין די הרי
יהודה,
איך זע דאָ איצט באַשיימפּערלעך, איך זע דאָ דעם אַמאָל...
פון אָט די הויכקייטן געגידערט האָבן די נביאים
מיט פייערדיקן וואָרט יהוהס, מיט זיין הייליק קול.

אַז אומעטום ווו כ'גיי און שטיי — איך שפּיר די טריט
פון אבות,
פון זין געלייטערט אין געראַנגל פאַר דער אייגן ערד.
ויהי... געוועזן אַמאָל... ס'רעדט אומעטום דער אַלטער עבר,
און מיר איז אויף די וועגן דאָ צו טרעטן איצט באַשערט.

אויך זין און טעכטער היינטיקע געגאַנגען אין די שפּורן
פון יענע חשמונאים־זין, מיט זעלבן קדושה־פלאַם
אַן עדות — די מצבות דאָ אויף הר־הזכרון
פון העלדן, פון געפאַלענע, פאַר ארץ און פאַר עם — — —

**מלכה חפץ־טוזמאַן**

## איך זוך דיך

שרייבן דיכטער־פילאָסאָפן
וועגן זוכן אים און כאַפּן,
וועגן זוכן אים און כאַפּן,
וועגן נאָכלויפן אַ גאָט.

איך ווייס ניט וואָס מען מיינט מיט
„גלויבן״.
אויך ווייס איך ניט וואָס „כפירה״ מיינט.

ניט איך זוך דיך,
ניט איך לויף דיר נאָך, מיין גאָט.
ניט איך גלויב און ניט איך לייקן,
נאָר אַלע מאָל איך רעד צו דיר,
נאָר צו דיר איך רעד, מיין גאָט.
לאָז מיך נאָר אַרומגיין שטיל דאָ
אין דיין שטאָט.

וועמען ענגט מיין טראָט ?
וועמענס ביסן נעם איך צו ?

היט מיך אין דיין קליינער גרויסער שטאָט.
לאָז מיך דאָ אַרומגיין שטיל, מיין גאָט.

**מרדכי חסיד**

## ירושלים

פאַרהייל מיר מיינע ריסן,
אויסגעהיילט ירושלים!
שונאים האָבן זיך אין אונדז
אַריינגעביסן —
בייסן נאָך געזונט עד היום.

דאַרף מען לאָזן זיי מסתמא
אויסגעפינען אין קאָמפּיוטער,
ווער פון זיי איז מער אַן עשו —
און ווער מער אַ טאַטער.

ס'האָבן רוימערס זיי מיט שנאה
צוגעקרייצט אין דיר צום גלויבן,
האָבן זיי פאַרזען אַ פּנים
גאָט,
וואָס וואַרט אין דיינע שטויבן.

שלעפּן זיי זיך מיט אַ הויקער
אויף זייער וויאַ דאָלאָראָזע,
טרעטן מיך מיט די פּיס,
אַ העזה
צוצוזען זיי און זייער שאַנד.

פאַרשטעל מיך פון זיי
כותל מערבי,
פאַרשטעל מיך פון זיי
מערב־וואַנט!

## דער כותל

דער כותל
האָט אין אונדזער אַלטער קלויז
אַ מזרח־וואַנט פאַר זיך פאַרנומען —
און ס'האָט אַ טויב
פון דאָרט מיט מוטערלעכע קנייטשן,
דורך די שפּאַרונעס
פאַרגונען זיך
אין געדיכטער פינצטערניש אַריין
צו ברומען.
די שכינה האָט דערביי
מיט פּערל־גרויען אויג
אַריינגעקוקט
און מיטגעוואָרקעט
פאַרן כותל.
ס'האָט דורכגעפירט אַ סטאַדע
בלודנע [1] שאָף
אַן אָנגעגורטער נביא,
און פון אַ זייטיק סטעזשקעלע
אַרויפגעפירט זיי
אויפן גלאַטן טראָפּ [2] פון מפטיר —
און צוגעשאָקלט האָט דער כותל
מיטן גראָזיק־גרייזן קאָפּ;
אוי הבן יקיר לי אפרים,

---

1) עלנטע.

2) ניגון פון לייענען די תורה.

אפרים
הבן יקיר?
געלעגן איז ניט ווייט מכמה יאָרן
צעשפּרייט אין מיטן שול
דער ספרדישער הלווי.
אַ ריטער האָט אין שטויב פון שטראָז [1]
דערשטאָכן אים קאַלטבלוטיק
און מ'האָט אַריינגענומען אים
אויף גיך אַהער.
שווער איז מיט דיר, פאָטער, גאָט,
און מיטן גלות איז גאָר שווער.
די בענקעניש אין אויג
איז נישט אומזיסט געוואָרן אייטערדיק און געל —
אַן אויג — אַ גרוב, אַ מערת המכפלה,
דאָס צווייטע ווי אַן אַנדער קדושים־הייל.
נאָר פריש פאַרשמעקט מיט כנענדיקן
ווייררויך —
האָט אַמאָל אַן אורח,
וואָס האָט דעם כותל
דאַכט זיך אויפן רוקן, ווי אַ וואָלקן, מיטגעבראַכט.
(לאַנג איז אַלץ געווען די גלות־נאַכט).
ביז ס'איז די קלויז אַוועק מיט אַש און רויך
און אויך די יידן — — —
נאָר ווער האָט אָנגעטאָן זיך
אַזאַ אייזן־פעסטן כוח,
און האָט דעם כותל

---

1) וועג.

צו זיין פריערדיק אָרט דערטראָגן?
אַ שווערער וועג,
נאָר מ׳האָט געלויבט צו גאָט,
זיך סוף־כּל־סוף דערשלאָגן.

מאיר זימל־טקאַטש

## ירושלים ביי נאַכט

ירושלים חלומט אונטער הימלען אויסגעשטערנטע,
ווי אירע הימלען איז איר חלום אַ געלייטערט־קלאָרער —
נאָך פון אברהמס גאָט־דערקענטעניש אַ ווילגעלערנטע,
זי לערנט ווידער, אַז דער בורא־עולם איז אַ וואָרער.

אַ גאָט, ניט קיין געזעענער, נאָר אַ באַוויזענער —
די שטערן די אומצייליקע דערציילן פון זיין כבוד.
ווי ווייל זי ווייס דאָס, נאָר מיט אויגן אויפגעריסענע
און תהילימדיקע ליפּן גאַפט נאָך אַלץ די שטאָט פון דוד.

און ס׳זעט ירושלים: ערד און הימל אָנגעהערן זיך —
דער מילכוועג דאָרט ווי טוי, און דאָ — דער טוי ווי
שטערנליכט,
און ס׳גריסט ירושלים מיט די לויכטנדיקע שויבן
די שטערן־פענצטער פון ירושלים, וואָס איז אויבן.

משה יונגמאַן

## ירושלימער מאָטיוו

איבער דיינע גאַסן, ירושלים, קריך איך אַרום
מיט בענקשאַפט — אַ ציטערדיק ליכט אין די הענט —
און איך זוך דיך...

ווי אַ פאַרברענטער פון דאָרשט
קוק איך אַראָפּ אין דיינע שוואַרצע ברונעמער־הייזער
און איך זוך דיך...

ביסטו עס דער הילכיקער קוואַל, וואָס האָסט
פון ווייטן געוועקט מיך
פון מיינע מדבריות,
...גערופן...?
...מיינע זעקס־און־צוואַנציק זאַמדיקע יאָרן
זענען שוין מיד געוואָרן מיך וויגן
אויף זייערע הויקערס,
און מיד — מיינע טויבן־חלומות —
פון פלאַטערן איבערן תהום
מיט פאַטאַ־מאָרגאַנאַס...

שעפּטשען די ווינטן ביינאַכט
מיר אין אויער:
„אָט ביסטו דערגאַנגען"...

נעמען מיך שאָטנס אָן ביי דער האַנט
און ווייזן: „דערגאַנגען"...

נאָר האָסטו די גרויסקייט פון הײם אין דײַן האַרץ,
און איך װײן:
טאָ װאָס שװײַגסטו?

און האָסטו די פרישקייט פון קװאַל אין דײַן גוף,
און מיך דאָרשט:
טאָ װוּ ביסטו?

איבער דײַנע גאַסן, ירושלים, זוך איך דיך אַרום
מיט בענקשאַפט — אַ ציטערדיק ליכט אין די הענט —
און געפין נישט...

## ירושלים

זענען מיר געשטאַנען
מיט אונדזערע קליינע אַרקעבוסן
און דיך אָפּגעהיט קעגן די האַרמאַטן פון שונא.
שטאָט, שטאָט
מיט די גאָלדענע אויערינגלעך
און מיט קרענצלעך צעבליטע אין אויגן —
צי געדענקסטו דעם חלמית[1],
וואָס מיר האָבן געגעסן אין קעלערס,
אָדער ליגנדיק אין אָקאָפּע,
הינטער זעק מיט פּשוטער ארץ־ישראל־ערד ? !

און ווען מיר זענען אַראָפּגעשפּרונגען, ערשטע פונעם
קאַראַוואַן,
און דיר אַנטקעגן געטראָגן אַ מאַשין מיט ברויט,
נאָר דו האָסט געהאַט פּאַראיבל,
ווייל מיר האָבן דיר קיין איין בלום ניט געבראַכט.
אבלדיק ביסטו געשטאַנען
אין דיין גאַנצן שלל פון שפּייז —
צי געדענקסטו ?
וואַקסן אונדז אַלע אַריבער.

נאָר מיר זענען נאָך אַלץ יענע,
וואָס שטייען־אויף ביי נאַכט פון זייערע קברים
ביי די זייטן וועג,

1) חלמית — קרייטעכצער, איינציקע שפּייז פון יידן בעת דער באַלאַ־
גערונג פון ירושלים.

און לייגן אַוועק צו דיינע פיס
— נאָך אַ מאָל —
אונדזערע טאָרבעס מיט צדפים [1] —
דו זאָלסט זיך מיט זיי שפּילן,
שטאָט...

1) צדפים — מושלען, באַליבטע שפּיל פון צברא־קינדער.

**מלכה לאַקער**

## ירושלים

דיינע הונדערט טויערן, ירושלים, זענען געשלאָסן.
דאָס קדשי־קדשים אין דיינע היכלות קושט דער הימל
און ציטערט בנשיקה אין דערוואַרטונג —
די פינצטערקייט, צעגאָסן איבער טויערן,
איז מעוברת מיט די מעגלעכקייטן פון דער וועלט.

דיינע בערג זענען הוילע;
צווישן קלופּט און קלופּט זיצן מענטשן
און זענען מטהר זייער האַרץ.
נישט יעדער איז זוכה, נישט יעדער איז עולה
צו דיינע הויכן —

אויף דער העכסטער ווינט גאָט
און וואַרט אויף דער גרויסער באַניייונג.

אומות העולם ציען זיך צו דיר;
יעדעס פאָלק איז מחדש אַ נעכטן.
מאַרגנס אַנטלויפן און שטייען פאַר דער טיר —
פאַר איר שטייען די גערעכטע אין דיין נאָמען.

אַלט איז דיין ברוינער לייב, ירושלים,
אַזוי זענען די ברכות פון די מענטשן, וואָס בענטשן דיך.

אויף די הויכן פון די בערג יהודה
זיצן די טורעמס, ווו ס'קומען פאַר די משמרות פון
דער נאַכט.

גאָט וויינט אין שטיין
אַליין.
האָט פאַרלאָזן זיין ירושלים של מעלה
און ריכט אָפּ גלות ביז ס׳וועט נישט אויפגעריכט ווערן
ירושלים של מטה.

אויף אַלע דריי נאַכטוואַכטן פאַרציטערן די פעלדזן פון
זיין לייבן־געבריל:
„אוי לי שהחרבתי את ביתי,
ושרפתי את היכלי,
והגליתי את בני לבין אומות העולם...״
וויינען די הימלען.
באַזעצט זיך פינצטערקייט אין די זאַק־גאַסן
און מאַכט די וועגן אומזיכער.

דיינע שטיינער זיינען פאַרהאַרטעוועטע טרערן,
שטיין געבליבן אין מיטן וועג —
זייער לאַוואַ דערגייט צו דעם גרויסן שטיין,
וואָס האָט דעם אָפּגרונט פאַרלייגט,
אויף וועלכן די וועלט שטייט...
דיינע קברים זענען דיר נישט צו אייגן.

דו ביסט הייליק און קיל, ירושלים,
שאַרף און דורכזיכטיק איז דער קרישטאָל,
די פאַרהאַרטעוועטע גלוט פון דיינע תקופות.
די וואַסער־ציסטערנעס פאַר דיר האָט שלמה המלך
געבויט.
אַצינד לאַשטשעט זיך וויין פון יונגע לעבנס אַרום דיינע
מויערן,

פלעכט זיך פון יונגע לייבער אַ בריק
און בינדט זיך רינגווייז מיט דער קומענדיקער אייביקייט.

פון דער גרויסער טרעפּן־לייטער
וואָס האָט געפירט צו דיינע קרישטאָלענע הויכן
איז נאָר נאָך איינע פאַראַן ;
אַלע אַנדערע פירן אַראָפּ
צו געוועלבן, באַזאַרן, צום שוק :
דראַפּען זיך טויער־בויגנס, שפּיצן־געמויערטע באַלקאָנען
ווּ ירושלימס טעכטער האָבן אויף האַרפן געשפּילט
זייער ליד פון טאָג.

אַלע יאָרהונדערטער גייען אין דיינע גאַסן שפּאַצירן,
ירושלים.
אַ טייל פון זיי האָבן זיך אין קאָפּולעס פאַרקליבן,
אין קלויסטערס, מאָשייען, אין שולן —
איינע פון זיי האָבן קרייצריטער געצונדן,
בעת מיינע ברידער האָבן זיך פאַרבונדן
אין ברענענדיקן שמע־ישראל מיטן הימל...
זייער הייליקן אַש האָבן ווינטן געטראָגן אין אַלע פיר
ווינקלען פון מדבר.

איבער אַלע פּנימער בליצט ירושלימס נאַכטיקער הימל.
אין בין־השמשות באַזעצט ער זיך נאַכט אויף נאַכט.
אויף חורבות, פּאַלאַצן, אויפן גאַנצן געטומל
אומפאַרגענגלעכקייט.

צען מאָסן שיינקייט זענען אַראָפּגענידערט אויף דער וועלט,
ניין פון זיי האָט צוגענומען ירושלים,

און איינע די גאַנצע וועלט.
צען חלוקים יסורים זענען פֿאַראַן אויף דער וועלט,
ניין זענען אין ירושלים,
און איינער אין דער גאַנצער וועלט.

ירושלים, ספר מיט זיבעציק זיגלען,
יעדער פֿון זיי אש להבה,
אַ גליענדיקער שטערן יעדעס בלאַט,
וואָס שרפֿעט די פֿינגער ביים איבערמישן.
דער נייער דור ברענט די פֿינגער
און מישט די פֿלאַמענדיקע בלעטער
אונטערן רויטן דאָרנבוש פֿון נייעם טאָג.

דיינע ברונעמס זענען פֿאַרטרוקנט, ירושלים,
און דיינע ברענענדיקע ליפּן מאַכן די וועלט דורשטיק.
הונדערטער פּנימער ווייזט דיין פּנים אַלע טאָג,
סטאַדעס פֿאַשען זיך אויף נאַקעטע פֿעלדזן ווי ביים
אָנהייב,
קברים ליגן שטומע אונטער געוועלבטע קופּל־דעכער,
רחלס קבר ליגט אויפֿן וועג, כדי דאָס בת־קול פֿון איר
געוויין
זאָל זיך טראָגן אין אַלע פֿיר ריכטונגען.

אַלע נאַכט פֿאַלן נייע שטערן אויף די בערג פֿון יהודה
און לייכטן ווי דערפֿילטע ווּנטשן.
די גאָלדענע שטאָט פֿאַרפּוצט אירע לענדן
מיט אָראַנזשן־צוויט און מיט בלענדן פֿון יונגן וויין.
אורן ירושלמי שעפּטשעט דאָס טרוימליד פֿון ווידער
דערוואַכן,

גאָלדענע לייבן האַלטן וואַך ביי די טויערן פון הר־הזיתים,
ווי ס'רוען יענע, וואָס האָבן זיך פון דער דאָזיקער ערד
ניט געוואָלט אָפּשיידן,
טאָג און נאַכט היטן שומרים די וואַנט פון ירושלים
און איר יסוד.
דאָס ייִנגסטע ירושלים און דאָס לעצטע,
עס איז אייביק.

ה. לייוויק

## אויף דיין ערד, ירושלים

אויף דיין ערד, ירושלים,
איז מיר גוט צו שווייגן.
כ׳עפן־אויף פאַר מיינע ווערטער
אַלע זייערע שטייגן,
כ׳לאָז זיי אַרויס
אויף פולער פרייהייט
מיט דאַנק און מיט לויב
פאַר זייער זעלטענער געטרייהייט.

איך באַפריי זיי און איך זאָג:
איבער אַלע בערג אַרום,
איבער אַלע היגלען פון ירושלים
פליט אייך פונאַנדער, מיינע טייערע, —
קלייבט אייך אויס די הייליקסטע ערטער,
ווייל זיי זענען אַלע אייערע,
און רוט אויף זיי. רוט. רוט.
און מיך לאָזט איבער אַליין
מיט מיין חלום, וואָס איך חלום
צו זיין כאָטש איין מינוט
מיט זיך אין פולן שלום.

אויף דיין ערד, ירושלים,
גאָלדיקט די שטילקייט ביי נאַכט.
בלויט די שטילקייט ביי נאַכט.
בלייב איך שטיין מיט אַ מאָל און איך זאָג:

אָט־דאָ האָט געטראָטן ישעיה ?
טאַקע דאָ ? —
די נאַכטיקע שטילקייט די געטרייע
ענטפערט אָפּ : יאָ, יאָ.

נעם איך רופן אַ געפּלעפּטער מיינע ווערטער :
קומט צוריק פון אייערע ערטער
קומט צוריק, קומט צוריק,
מיינע געטרייע —
העלפט מיר אויסשווייגן דאָס גליק
צו שטיין אויף דער ערד, וווּ ס'איז געשטאַנען ישעיה.

## ביים כותל המערבי

בּיסט הייליק און — אָנגעשוואָלן פון אַזוי פיל קושן,
פון אַזוי פיל טרערן;
מען קאָן די קושן און די טרערן נישט ציילן,
ווי מען קאָן נישט ציילן אויף דיין הימל די שטערן.
זעסט־אויס אַזוי פּראָסט, אַזוי נאַקעט,
נאָך פּראָסטער פון אַלע נאַקעטע ערטער,
וואָס זיינען דאָ אויף דער ערד. דאָס צו זאָגן
דאַרף מען האָבן נאָך פּראָסטערע ווערטער,
די אותיות נישט צערטלען, די אותיות נישט זיפּן.
צי איז נאָך ווער אַזוי ווי דו געווען באַרירט פון אַזוי
פיל ליפּן?
די ליפּן האָבן אויסגעברענט אין דיר
צעקאַרבטע לעכער,
און דורך זיי דיין שטויב געטרונקען,
ווי מען טרינקט וויין פון הייליקע בעכער...
איך זע צום ערשטן מאָל דיך, און איך וויל
דיך אָנרירן מיט מיינע פינגער,
און —
איך ריר דיך נישט אָן.
ביסט אַלט צוויי טויזנט יאָר, און איך — נישט
יינגער — —
אין ווינקל שטייט אַ בעטלער.
אַ צעריסענער, אַ צעפליקטער,
איז ער אין גאַנצן אָפן מיט זיין ליבשאַפט צו דיר,
אַ צעשטראַלטער, אַ צעגליטער.
ער גיט אַ פאַל צו דיר מיט אַלע זיינע גלידער,
מיט אַ הייסער גלוסטעניש אַזאַ,

אַז עס נעמט יאָגן פון אים מיט דערווידער.
איך דריק צונויף די אויגן מיינע.
איך דערהער פּלוצעם ווי עס שלאָגן
צעוויגטע אָדלערס מיט זייערע פליגל
איבער קעפּ, און טראָגן
אין זייערע קרומע נעגל
אָפּגעבלוטיקטע און שטילע לעמער.
די אָדלערס פליען גלייך אין האָריזאָנט אַריין
אין רויטן דעמער,
און הייבן אָן מיט נעגל־שנאָבל פּראַוון סעודה.
און אָט איז נאַכט און שטילקייט.
מיט אַ מאָל —אַ פאַסטעך אויף אַ דודע.
אַ קליינטשיק פאַסטעכל פאַרגייט זיך
אין געזאַנג־געיאָמער ;
— אוי לאָמיר גרייט־זיין,
אוי, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר
מקבל־פּנים־זיין דעם גאַסט,
דעם ליכטיקן שליח,
וואָס קומט מבשר־זיין דאָס אָנקומען
פון מלך המשיח — — —
אוי, לאָמיר, לאָמיר, לאָמיר — — —
און מיט אַמאָל — געטופּעריי :
עס קומען קאַראַוואַנען, קעמלען
מיט לאַנגע העלדזער, אויסגעצויגענע ביז העכסטע הימלען,
און אויף די קעמלען — אויסער האָרבן — גאָר נישט.
קיינער.

גאָר נישט קיינער. נישט קיין גוטס און נישט קיין רייטער.
די האָרבן שפּאַנען אָן אַ סוף און אָן אַן ענד,
אַלץ ווייטער, ווייטער.

וווהין? אֶ, גאָט, וווהין? — — — —
איך עפן־אויף צוריק די אויגן.
דער בעטלער שטייט נאָך אַלץ צום כותל צוגעבויגן.
ער שלאָגט מיט דאַרער פויסט אין האַרץ
על חטא. די אַקסלען זיינע צוקן.
איך שפיר באַשיימפערלעך
דעם נחת־פיבער פון זיין רוקן.
זיינע באָרוועסע צעהאַקטע פיס — זיי גיבן
אַ צעשפרייט זיך,
און אַ געבעט, אַ הייזעריקס,
אַ תאוותדיקס פאַרגייט זיך:
אָ, איכה, איכה, איכה, איכה —
ווי אַזוי בין איך צו דיר געקומען? —
פון מיין פיין האָסטו מיין קול פאַרנומען,
און איצטער בין איך זוכה, זוכה, זוכה — — — —
אַ ציטער גייט־אַדורך דורך אַלע שטיינער,
און ס'דאַכט זיך מיר, איך הער
ווי ציינער, און ניט שטיינער, קלאַפּן זיך אין ציינער.
אויך איך — איך גיב אַ ריס זיך פון מיין אָרט,
מיין גוף גיט זיך אַ הוידע,
און איך פאַל־צו צו דער וואַנט און ריר זי אָן —
אַ דורכגענומענער מיט זיסן גליק און שוידער.

מלכה לי

# ירושלים

אַ געזאַנג צו דיר, מאַמע־שטאָט ירושלים!
מיט שירה וועלן דיינע טויערן זיך באַנייען.
מרים׳ס טעכטער מיט פלייטן און מיט צימבלען
וועלן אויסשאַלן פרייד צו דיינע הימלען.

פון טאָל און בערג וועלן אויסשאַלן צו דיר געזאַנגען,
דורך צוויי טויזנט יאָר מיין פאָלק איז אויפגעגאַנגען.
יעקב׳ס קינדער וועלן צו דיר, ירושלים —
טרינקען פון דיין אַלטן כוס לחיים.

פון פעלדער וועלן קומען שניטער־יונגען,
פאַסטעכער מיט שעפסן פון די בערג צעשפּרונגען, —
מיט יונגער גבורה דיין אַלטקייט צו באַנייען,
מיט געזאַנג צו דיינע טויערן, ירושלים.

אויף קעמלען — יונגע פּאָרלעך מיט די לירעס,
האָרבן אָנגעלאָדן מיט רחבות און עשירות.
יעקבס לייטער אויפשטראַלן וועט ווידער —
אַ געזאַנג פאַר דורות מיינע ברידער.

פון דער ווייטער ווייט, פון מיינע דלת־אמות,
דאָס אויסגעבענקטע ליד פון אַלע מאַמעס —
דאָרט ווו רחל׳ס קבר, ווו חנה סענעשס חלום,
רוף איך צו דיר, און גיב דיר שלום!

צו דיינע טויערן פון קאַמפן און זיגן
שיק איך דיר מיין אויסגעבענקטן ניגון.
דיין אַלטשטאָט זאָל מיט יובל זיך באַנייען,
פון חורבן און פון טרויער זיך באַפרייען.

ביי דיינע חורבות פון שטיינער און פון שטויבן —
בויט מיין פאָלק מיט נייעם גלויבן.
פון דאָרשט און הונגער ניט געבראָכן —
אַ געזאַנג צו דיר פון ליכטיקן נצחון!

## די וואַנט

די וואַנט איז פֿון שטיין, די וואַנט איז באַהיט
צו דורות און דורות די וואַנט איז געשמידט.

קיין מבול קיין שטורעם, קיין מענטשלעכע האַנט,
קאָן נישט צעשטערן פֿון דורות די וואַנט.

אין קאַרבן פֿון קיזל, פֿון פֿאָלק דאָס געוויין,
דאָס זאַלץ פֿון די טרערן פֿאַרגליווערט אין שטיין.

העלדן דורך גזירות, קדושים אין בראַנד,
זיי זעען אין דמיון די הייליקע וואַנט.

ביים מזרח פֿון זון אין גאָלד אויפֿגעפֿלאַמט,
די אויגן פֿון פֿאָלק געווענדט צו דער וואַנט.

די וואַנט הימל־הויך, און טיף ווי דער ים,
די הייליקע וואַנט פֿון געפּייניקטן שטאַם.

דורך שטורעם פֿון צייטן אין טרוים פֿונעם זאַמד,
עס וואָגלט מיין פֿאָלק צום ליכט פֿון דער וואַנט.

**אברהם לעוו**

## ירושלים

פאַרנאַכט בין איך אַריין אין דיינע טויערן, ירושלים,
און ס'האָט אַ קאַלטער ווינט באַגריסט מיין הייסן פנים,
אַ שטילקייט האָט אַרומגענומען מיך, ווי נאָך אַ לויה,
ווי נאָך דער קבורה פון אַ נאָנטן.

נאָר ווו ניט ווו, פון ווינקלען, האָבן זיך צעקלונגען גלאָקן,
און תפילות האָבן זיך געריסן פון מעטשעטן,
און עפּעס אַזוי סודות־פול האָט אַלץ אין דיר געשראָקן,
און דער ווינט דער קאַלטער האָט ניט אויפגעהערט צו
גלעטן...

מען קומט פון אַלע עקן וועלט זיך טובלען אין דיין קדושה,
אַיעדער גלויבן האָט געשטעלט דאָ זיינע קלויסטערס
און מעטשעטן,
נאָר איך, דער זון, וואָס טראָגט אין בלוט מיינעם די
הייליקע ירושה —
שטיי אַ פרעמדער דאָ און ווייס ניט צו וועמען בעטן...

## ביים כותל־מערבי

ביסט ווי אַ קמיע איינגעפּאַסט — כותל המערבי —
צווישן שמאָלע געסעלעך און קראָמען.
ניטאָ שוין היינט קיין אָנזאָגער, קיין נביא,
וואָס זאָל צעפּויקן איבער גאָר דער וועלט, דיין נאָמען.

כ׳בין אַרויף צו דיר, זיך שאַרנדיק דורך ווענט און שטיינער,
דורך בעטלער׳ס ווונדיקע און קראַנקע;
אַלע קומען דאָ צו דיר — ווי איינער —
מיט דורשטיקע פאַרלאַנגען.

ווער, עס זוכט אַ תרופה פאַר די אומהיילבאַרע גלידער,
ווער, עס וויינט אַריין אין דיר ווי אין אַ בוזעם פון
אַ מאַמע,
און ווער עס בעט פאַר שוועסטער און פאַר ברידער, —
איבער אַלע זיבן ימען.

נאָר איך — איך בין געשטאַנען נעבן דיר אָן וועלכע־ס׳איז
פאַרלאַנגען,
באַטראַכט די גרויסע, גרויע שטיינער איינגעוואַקסענע
און שטילע
און — צוגעהערט די הייליקע געזאַנגען
פון קאַפּיטלעך תהילים.

**פרץ מאַרקיש**

## פון דער פּאָעמע „דער לעצטער"

צעוויקלט זיך אַ טאָג אַזאַ, אַ טאָג ווי אַ צוואה,
ס'צעקייקלען אויף די בערג זיך דונערדיקע הימלען, —
עס ברענט אין וואָלקנס זיך די זון אויס, ווי אַ רויטע
חתימה,
און ווינטן וואָיענדיקע וואָיען — וואָיען...

עס עפענען זיך הימלען אויף, ווי בלויע האַפּנס רונדיקע,
די ווייטן וויקלען זיך אין גאָלדיק־גליענדיקן ליין;
און ווי אַ שיפגעשפּענסט אַ לאַנג־דערטרונקענע,
גייט־אויף — מיט שופרות אין דער הייך — ירושלים!

פון הויכע שטיינערדיקע שטערנס ווישן ווינטן אָפּ
דעם טרויער
און בערגקעפּ צעקראַצטע גייען אויף מיט קללה בלינדער,
ירושלים! ס'שלאָפט ביי דיינע אַלטע אויסגעבענקטע
טויערן
אַ מאַן אין גאַליפע, און אין אַ פראַק און אין צילינדער.

ביי זייט — אַ שייד און אַ ל"ג־בעומרדיקע שווערד,
און אַזוי דערשראָקן־אבלדיק זיין קול איז, —
ניט פאַר קיין לעמעלע, נאָר פאַר אַ לייב, דאָ אויף דער
אויסגעבענקטער ערד
געקומען איז ער ביים ברודער אויסנאַרן די קללות...

און אויסגעקרימט, ווי אַ באַנאַן,
ליגט דאָ, אין וועג, אין מיטן דאָ —
אַן אָרעמאַן, אַן אָרעמאַן,
צי פון וואָלין, צי פון פּאָדאָליע...

אַן אָרעמער אַזאַ, ווי אַלע,
מיט אויגן שיטערע, ווי זאַיערס, —
ס'איז אים דאָס אייזעלע אין מיטן וועג פון לאַסט געפאַלן,
און אָדערן פון זיינע הענט געפּלאַצטע שרייען, —

און פון געשריי און פון דעם פּיין
עפענען זיך הימלען אויף מיט בלויע האַפּנס רונדיקע;
און ווי אַ שיפגעשפּענסט אַ לאַנג־דערטרונקענע,
גייט־אויף מיט שופרות אין דער הייך — ירושלים...

אָט ליגט ירושלים שוין אַליין — אַן אומגעפאַלענער,
אַ מידער קעמל
אין מיטן דאָרשטיק־מדבּרדיקן וועג, —
און ס'טוליעט זיך צו אים דער דעמער
און ס'טוט זיך אָפּ פון אים אַיעדער וועג.

נאָר שראַמען אויסגעוועלקטע, שראַמען שטילע
געשלייפטע, יאַטערן און טאָרען, —
און אין מויל פאַרוויאַנעטן פון דודס תהלים
זיך גיסט מיט בלוט און בליי „וויקטאָריאַ"...

און ס'פּאַלט די נאַכט אויף אָפּגעברענטע ברעמען,
צו אַלע אויסגענג האָט דער טויט זיך שוין דערדראַפּעט...
פאַרדעקט־זשע זיך, געבערג, מיט שוואַרצע זעק פון דעמער,
ווי ס'פּאַרדעקן זיך געזיכטער — טעכטער פון אַראַביע!...

ניט אין קיין לאַנד, ניט אין קיין היים, ניט אויף קיין
אָפּגעקילט געלעגער,
ניט ביי צוקאָפּנדיקע לעכט, וואָס קלאָגן דורך די
פענצטער, —
וועסט מיך באַגעגענען — אַ וואַלגערשטיין, אַליין,
אין מיטן וועג,
און איבערפאָרן טויט, מיך איבערפאָרן וועסטו...

ניט פון קיין שטוב און ניט פון אונטער אויסגעהויכטן דאַך
און ניט געוויין וועט פאַר דעם טרויער זיין דער סימן, —
— אָט זיינען מיינע הויקערס טאָרבעדיק צעכמאַרעט,
אַהערצו קום! עס שטערנט זיך ניט מער אויף זיי דער
הימל...

**קאַדיע מאָלאָדאָווסקי**

## י ר ו ש ל י ם

אויפֿן גרענעץ פֿון אין־סוף
שטייט די שטאָט ירושלים.
האַלב של מעלה,
האַלב של מטה,
בשותפֿות מיט מלכות שמים.

פֿעלדזן־בערג באַשיצן זי,
ווייסע שטיינער זאָגן תהילים
מדבּרדיק און אימהדיק
מיט גרויע בערד פֿון די נפֿילים.

פֿאָרט מען אַהין טויזנט יאָר
און מען קומט כּהרף עין —
שטייט אַ שטאָט
ווי אַלע שטעט —
און דאָס איז ירושלים.

שטייט מען שוין אין מיטן שטאָט
און מען בענקט קיין ירושלים.

וויל מען וויינען — קען מען ניט,
ווייל ס'איז דאָרטן גרויס די שמחה.
וויל מען לאַכן — טאָר מען ניט,
ווייל דער הימל דאַוונט מנחה.

שטייט אַ מענטש, און ווייס ניט ווו,
און אַלע ביינער זיינע זאָגן :
גרויסער, רחמימדיקער גאָט,
שווער מיט דיר אַ שותפות טראָגן.

אַ גאָט־באַרוטע שטייט ירושלים,
אַ פאַרברענטע — בליט זי אין די תפילות,
אַ פאַרלאָזטע — היטן זי די היילן,
הונגעריקע פעלקער קומען צו איר ברויט אַנטלייען
און דער פיטערער, דער מלך,
וואַכט איבער די קרוינען
פון ירושלים.

און ווען באַלאַגערט איז די שטאָט
גייט דאָס פאָלק ישראל שורה נאָך שורה —
ווילנע, ניו־יאָרק און עין־חרוד —
אויסלייגן דעם כביש פון גבורה.
און שבעים לשון ווערט געהייליקט,
און שמע ישראל — איז יעדער שמועס.
און יעדעס וואָרט — איז אַ קאַפּיטל תהילים,
און יעדער אות — אַ צייכן פון נבואות.
ותחזינה עינינו — עס איז נעכטן געווען.
מיט פאָרכט און מיט ווייטיק דעם ווונדער געזען
עין בעין
אויפן גרענעץ פון אין־סוף
אין ירושלים.

## פון ירושלים
### (פאָלקסמאָטיוו)

פון וואַנען קומט דאָס ל׳יכט איבער דער וועלט ?
פון ירושלים קומט דאָס ליכט איבער דער׳ וועלט,
ווייל דאָרטן רוט די שכינה —
קומט דאָס ליכט איבער דער וועלט.

פון וואַנען קומט געזאנג איבער דער וועלט ?
פון באַרג פון ציון קומט געזאַנג איבער דער וועלט,
ווייל דאָרטן רוט דער זינגער —
מזמור שיר לדוד : קומט געזאַנג איבער דער וועלט.

פון וואַנען קומט דער חסד איבער דער וועלט ?
פון ירושלים קומט דער חסד איבער דער וועלט,
ווייל דאָרט זיינען געגאַנגען די נביאים —
קומט דער חסד איבער דער וועלט.

פון וואַנען קומט די גבורה איבער דער וועלט ?
פון די זאַמדן פון באַרג סיני, קומט די גבורה איבער
דער וועלט,
ווייל דאָרטן טראָגט מען די געבאָטן
אויף די פייערדיקע זיילן —
קומט די גבורה איבער דער וועלט.

פון וואַנען קומט די שיין איבער דער וועלט ?
פון די שטיינער פון ירושלים, קומט די שיין איבער
דער וועלט,
ווייל מען האָט געוואַשן זיי מיט טרערן,
ווייל מען האָט געלייטערט זיי מיט פיינען —
קומט די שיין איבער דער וועלט.

## ווידערקול פון ירושלים

ווען קיינער זאָגט עס נישט,
זאָג איך צו זיך אַליין:
ירושלים.
און ס׳קומט דאָס ווידערקול
און זאָגט עס נאָך אַ מאָל:
ירושלים.
כ׳האָב דאָרט אַמאָל געזען
לעבן אַ קליינעם בוים
אַ מלאך שטיין.
כ׳האָב אים געפרעגט: פון וואַנען קומסטו?
האָט ער געזאָגט: — ירושלים.
כ׳האָב אים געפרעגט: און ווּהין גייסטו
ווּנדערלעכער מענטש?
האָט ער געזאָגט: — ירושלים.
כ׳האָב אים געפרעגט: וואָס טראָגסטו,
שליח פון דער וועלט?
האָט ער געזאָגט: — ירושלים.
כ׳האָב אים געפרעגט: צי האָסטו טרייסט פאַר מיין האַרץ
וואָס איז געוווּנדיקט פון געבוירן אָן?
האָט ער געזאָגט: — ירושלים.

ער איז אַוועק. געבליבן איז דער קליינער בוים,
און די שטים די געטלעכע: — ירושלים.
און ס׳קומט דאָס ווידערקול
און זאָגט עס נאָך אַ מאָל:
ירושלים.

**י. מאַניק**

## ירושלים

דיינע יונגע שטאָלצע גאַסן
שמייכלען שוין אויף טאָג, אויף נייעם...
וווּנדיק ווי עס איז דיין אויפגיין, —
ביסטו שיין, ירושלים!

וויפל קנאה ס׳האָט פאַרפלאָנטערט
דיך אין וועג... און וויפל בייזער...
שטייסטו בענקענדיק־פאַרחלומט
און דו וואַרטסט אויף דיין דערלייזער.

און אַז קומען וועט דערלייזער
צו דיין פרומער שוועל צו שלייכן,
צו דיין מלכותדיקער שיינקייט
ווער וועט קאָנען דאַן זיך גלייכן?...

ער וועט איבער דיר צעשטרעקן
זיינע בענטשנדיקע אָרעמס
און וועט דיינע בערג באַקליידן
מיט פּאַלאַצן און מיט טורעמס.

און ער וועט דיין קאָפּ באַשיינען
מיט אַ גילדענער עטרה.
איי וועט דעמאָלט זיין אַ שמחה
אונטער הימלען, דיינע קלאָרע!...

**לייב מאָרגנטוי**

# ירושלים

ירושלים — שטאָט געקרוינטע
מיט קדושה און מיט חן,
עס קלאַפּט דאָס האַרץ פון דורות יידן
ביי דיר אין יעדן שטיין.

אַ שופר־שאַל האָט אויסגערופן
די גליקלעך־גרויסע שעה —
ביים הר־הבית, ביי דעם כותל
מיר זיינען ווידער דאָ!

אָ, מוטער רחל, דיינע קינדער
האָבן זיך צוריקגעקערט,
נאָך יאָרן טויזנטער פון ליידן —
צו זייער אַלטער ערד.

דורך העכסטער גבורה דיינע זין איצט
דערגרייכט האָבן דעם זיג —
די אַלטע שטאָט ירושלים
דיין פאָלק געהערט צוריק!

געוואָרן וואָר דער טרוים פון דורות,
נאָך יאָרן ווי און פּיין.
אויף אייביק גאַנץ ירושלים
וועט אונדזערע שוין זיין!

**יחזקאל־משה ניימאַן**

## פון אַ חתונה אין ירושלים

קרומע געסלעך, שווערע מויערן
קייטלען זיך אין קנוילן.
אַלע הייזער אויסגעהאַקטע
פון אַ האַנט פאַרהוילן.
בליקסט אַהער, בליקסט אַהין —
ווייעט מיט קראָקע און לובלין
אַ געדעכעניש פון פוילן.

קומען געסט מיט טריטלעך שטילע,
מיושבדיק, געלאַסענע,
יום־טובדיק און נחתדיק, —
אַ חתונה! אַ חתונה!

פון זייד די שוואַרצע יופּעצעס,
פון סויבלפּעלץ די שטריימלעך.
די ווייסע בערד אויסגעטובלט
היימישלעך און היימלעך.

ווייבער אין די שייטלען,
זקנות אין די הויבן,
מיט לאַנגע צעפּ די מיידלעך
וואָרקען ווי די טויבן.

בלייכע בחורים, שוואַרצע ייִנגלעך
מיט פּאות, ווי הבדלות.

אַ גרויסע פרייד, אַ חתונה,
אוי, — ווען נישט דער גלות!

*

מתנות ווערן אויסגערופן:
פולע קעמלען, געלאָדענע שיפן,
אוצרות, אוצרות מיט כל טוב.
דער חזן חזרט אַלץ דעם רוף:
דרשה־געשאַנק, דרשה־געשאַנק!
דעם חתנס אויגן זוכן, בלאָנקען,
וואָס זוימט איר נאָך? וואָס וואַרט איר נאָך?
נו, זאָל שוין ווערן ברייט געשאָנקען.

מורנו ר׳ טאָדרעס שענקט אַ פּעטריקאָווער תּנכל,
מורנו ר׳ בעריש — אליהוס בעכער,
מורנו ר׳ זלמן — אַ דאַנציקער ציבעק פון פּימסנהאָלץ.
נו שענקט מתנות, העכער, העכער,
שענקט מתנות, שיין און שטאָלץ.

לכבוד שיינעמורנו החתן הגביר
די מומע גנענדל שענקט געשיר.
דער פעטער ר׳ אהרן — אַ פּויזנער בשמים־ביקס,
מחותן ר׳ יאָסל —אַ בעלסקער מצה־טאַש.
נו, שענקט מתנות, שענקט און שיקט.
די באָבע שאָשע שענקט דעם זיידנס
אַ שיינע לוצקער גאָלד־עטרה,
די חברים פון חתן שענקען מיט מזל
אַ נייע ווילנער ראָמס גמרא.

מען שענקט נאָך ספרים: אַ חושן־מישפט,
אַ של״ה הקדוש, אַלטע דרוקן
מיט לעדערבאַנד און גאָלד־געצירטע —
אַ נחת אָנצוקוקן.

אָ, דרוקן, דרוקן ציכטיקע,
מיט אותיות קלאָרע, ליכטיקע.
מיט סודות טיף פאַרהוילן.
דרשה־געשאַנק! דרשה־געשאַנק!
די אַלטע יידישקייט פון גלות פוילן.

*

אַזוי הייס און יידישלעך,
עס שפּרינגען אַזש די זוילן.
דער בעדזאינער טאַנצט און ס׳רוישט
אַ מצווה־טאַנץ פון גלות־פוילן.

און וואָס ווייטער? און וואָס ווייטער?
ווער טרינקט דעם בעכער ביזן סוף?
ווער געוואַכט האָט ביז פרימאָרגן?
ווער געלייגט זיך האָט צום שלאָף

די זון האָט זיך צעפינקלט שוין
אויף די גאַסן פון ירושלים,
די זון, די זון, אַ גאָלדענער בעכער.
לחיים, זון, לחיים!
באַגיס, באַשטראַל די אַלטע שטאָט
מיט דיין שיין, מיט דיין גענאָד.

טויבן וואָרקען שטיל און מילד,
ווינטן וואָיען בייז און ווילד.
עפן, עפן דיינע טויערן —
פרייד איז דאָ געמישט מיט טרויערן.

גינגאָלד רינט. פּורפּור פלאַמט.
ירושלים איז מיט גאָלד געמאָלן.
זייט געגריסט מיר, אַלע בערג,
זייט געבענטשט מיר, אַלע טאָלן.

**אהרן ניסענזאָן**

## מיין שטאָט ירושלים

כ׳וועל בויען דיך, מיין גאָלדענע שטאָט,
מיין שטאָט ירושלים,
צוזאַמען מיט מיין אַלטן גאָט —
אי דיך, אי זיך באַנייען.

ער איז דאָך דורות־לאַנג מיט מיר
אויף וועגן וועלטס געשטאָרבן,
ביי יעדער שוועל און יעדער טיר
מיט מיר געבראַכט דעם קרבן.

נאָר וואָס מיינט טויט פאַר מיר און אים
ווען ס׳לעבן זינגט אונדז שירה,
ווען ס׳רופט און מאָנט אין בלוט די שטים
פון אייביקער יצירה.

ביסט מער ווי שטאָט, ביסט וועלטס געזאַנג,
וואָס טוט דעם מענטש באַפרייען;
כ׳וועל בויען דיך אויף אייביק לאַנג,
מיין שטאָט ירושלים.

**ראָזאַ נעוויאַדאָווסקאַ**

# ירושלים

געגרונטיקט, געפעסטיקט, געטורעמט —
שטייט ירושלים.
איבער געבערג און געפעלדז —
די עליונות
ווינקלען זיך העלע,
ווי פאַרמעט
מיט בליציקע אותיות.

שלאָפט אין בלויאיקייט
ירושלים,
פול מיט תפארת;
היט זי די שוועל
ביים טויער פון אמת —
וואַכיק אין שלאָף,
ווי אַ מאַמע.

וואַכט איבער פעלקער ירושלים,
טרייסט זיי אין פיין מיט „והיה" —
אייביק פאַר זיי איר טרייסט.
טראָגט זיך איר זאָג דורך די וייטן
איבער דעם גאַנג פון די צייטן —
פעלקער, פאַרנעמט:
„כי מציון".

אברהם סוצקעווער

## אויפֿן וועג צום כותל מערבֿי

אויפֿן וועג צום כותל מערבֿי,
אין אַ ליימיק־ליגנדיקן ברונעם,
זיצט אַ ייִד באַוואַקסן ווי אַ סאָווע
און ער קריצט אַ בעכער.
די ניגונים
פֿון די שטומע ליפּן טוען פֿרעגן
ביי דעם וואָלקן וואָס באַשיצט די דעכער,
ווען זשע **ער** וועט אָנקומען אַנטקעגן ?
און דעם ענטפֿער קריצט ער אויפֿן בעכער.

אָט אַזוי איז ער מסתּם געזעסן
אויפֿן וועג צום כותל מערבֿי
דעמאָלט, אין תּנכישע מעת־לעתן,
ווען דער נבֿיא
ירמיהו מיטן יאָכשטאַנג אויפֿן האַלדז
אויסגעהאַמערט האָט פֿון זיך אַ דענקמאָל.
אָט אַזוי איז ער מסתּם געזעסן,
ווען קיין מוטערמענטש איז ניט געבליבן נאָך דער שלאַכט.

היינט, אין ניינצן פֿערציק אַכט,
ביים אונטערגאַנג פֿון לענדער,
זיצט נאָך אַלץ דער גאָלדשמיד אין די זעלביקע געוואַנדער,
אינעם זעלבן ליגנדיקן ברונעם,
קעגן זעלבן וואָלקן אויף די דעכער,
און ער קריצט דעם ענטפֿער אויפֿן בעכער.

ווי זאַפטיקע רובינען פון אַ מילגרוים,
דורכגעשטרייפט מיט זומערדיקן בליץ —
לייכט זיין פנים.
— ווערסטו, זיידע, ווען דעם סוד געפינען?
— כ'האָב געדולד, איך קריץ.

אויסגעלאָשן. מער ניטאָ קיין פנים.
קאַלטע, בלאָע סאַזשע.
בלויז די הענט —
דער גאולהס בייניקע סימנים,
קריצן אויפן בעכער ניט־דערברענט.

אויסגעלאָשן אויך די פינגער, נעגל,
ס'בלוטיקט אין דער לופט דעם בעכערס ראַנד.
מיט אַ תפילה איז ער עולה־רגל
צו לבנה, וואָס גייט־אויף אין לאַנד.

1948

## די צייט איז מיינע...

די צייט איז מיינע אויפן הר־הצופים ;
די שלעסער אירע עפענען פּאַמעלעך
דעם זונפאַרגאַנג און וועלגערן אַרויף אים —
אַנטקעגן, אויף דעם טראָן פון ים־המלח.

אַ פויגל ברענגט דעם כישוף־רינג פון שלמהן,
דערלאַנגט מיר אים צוזאַמען מיט אַ מזמור...
אַ וווּנדערלעכע מעשה קאָן איך טרוימען,
ווו ס׳נעמען אָנטייל אַלע דורות ביז־מיר.

אַ מאַנדלבוים, דער שענסטער — איז מיר ווינציק,
נאָך יענעם בענק איך, וואָס האָט לאַנג פאַרמאַנדלט.
ירושלים איז געהייכט און פרינציק,
ווייל ס׳איז אַ שטאָט אין אורגעשמאַק פאַרוואַנדלט.

1948

## יעקבס לייטער

אויף אַן עפּל־רויטן דאַך אין קאַטאַמאָן — אַ לייטער
אויסגעבאָרגט פון יעקבס חלום. און אַ ייד פון פּוילן,
ווי אַן אַלטער אָדלער אין זיין הימלנעסט פאַרהוילן
אויבן יאָמערט. און עס קלעטערט נייגעריק אַ צווייטער.

— זיידע, ווּעמענס טויט באַוויינט איר, ווען אַזוי פיל שטערן
איילן פון די בערג אויף שבת אין ירושלים ?

— ס׳גיסן זיך אַליין פון האַרצן, קינד מיינס, באָכן טרערן,
ווען דער כותל איז געפאַנגען אין ירושלים.

— זיידע, קאָנען מיר פון לייטער ניט דערזען קיין שימחה ?
שטיינער בליען. שלווה בליט. עס בליט ירושלים.

— אַלע טאָג אַנטקעגן כותל דאַוון איך דאָ מינחה
און איך זע : דער כותל בלוטיקט אין ירושלים.

און צוזאַמען מיטן ייד אין הימלנעסט פאַרהוילן
שווימען מיינע אויגן איבער גליענדיקע חומות,
צו דער וואַנט פון טרערן, צו דעם כותל פון חלומות,
און דער כותל ציט זיך אַ געפאַנגענער ביז פּוילן.

1956

# ירושלימער נאַכטליד

**אַלע יידנאָויגן —**
**האָט געזאָגט דער ווילנער גאון —**
**הענגען תמיד איבער זייער היים:**
**ירושלים.**

אונטער הענגענדיקע אויגן שפּרייז איך,
צייט און שטח אייניקן אויף ס'ניי זיך.

מירטן־ריח. מירטן. פולע בינטלען.
איבער זיי די יידנאָויגן פינטלען.

סאַראַ היימיש נאָגנדיקער קטורת.
אָטעמען אַריין אין מיר די דורות?

אינעווייניק, אין די שטיינער, וואַקסן
קליינע פליגל. זײַ צו זיי דערוואַקסן.

הענגענדיקע אויגן און פאַרטרויטע
סיי פון לעבעדיקע סיי פון טויטע.

אונטער זייער הערשאַפט איז געסימנט
אויך מיין זעונג אין אַ שיין פון דימענט.

אונטער זיי האָט יעדער ווונד אַ זינען:
ס'איז אַ שטאָך פון קעניגין פון בינען.

ס'פּאַלט אַ נאַסער שטערן פון אַ וויע —
דאָרטן ווו ער פאַלט איז באַרג מוריה.

1969

דב סדן

## כותל מערבי

שפּינוועבס אויף דער אַלטער מויער,
אַלטע קרעכצן, אַלט געוויין;
און אַ הויפן גרויער טרויער
וואַלגערט זיך אויף יעדן שטיין.

איינגעהילט אין גרייזע יאָרן
שלאָפט די טויטע, שטומע וואַנט,
אַלצדינג איז שוין אָפּגעפאָרן:
סיי דער לויב און סיי די שאַנד.

קומט אַ מאָל די גסיסה שטערן
אַ צעבראָכן־אַלטער ייד,
לאָזט אַראָפּ די מויער טרערן,
אַלט און קאַלט און שוואַך און מיד.

דאָך דערציילן יונגע ספרים:
קומען וועלן יונגע הענט,
קומען וועלן יונגע אָרעמס
אויפצובויען נאָך דריי ווענט.

דוד ספאַרד

# ירושלים

א.

כ׳גיי אום אין דיינע געסלעך שטילע,
ווי מיט יאָרן טויזנטער צוריק,
און מיין פאַרטראַכטער בליק
דאַוונט אויס דיין נאָמען
פון אַלע שטיינער שטומע,
ווי אַן אַלטע אויסגעוויינטע תפילה.

און אפשר ביסטו נאָר
מיין חלום אויף דער וואָר,
מיין אויסגעבענקט געדיכט —
און אומגעריכט
כ׳וועל ווידער זיך דערזען אויף דער ערד
ווו עס זענען מיר געווען באַשערט
פאַרנעפלטע קאַיאָרן,
שרעקנדיקע זונפאַרגאַנגען,
טעג פון צער און צאָרן
און טרויעריקע געזאַנגען?

ב.

ביי יעדן שאָטן פון דער נאַכט,
וואָס ביי די קוואַלן וואַכט —
איך בעט
באַשייד.
ביז די הימלען ווערן בלייך,

ס׳הייבן אָן ווי אַדערן פולסירן וועגן,
לעצטע שטערן לעשן אויס זיך אין דער הייך,
און אויף די דרימלענדיקע בערג אַנטקעגן —
פאַרציען זיך מיט זשאַווערדיקן רויט —
סטאַדעס שטיינער,
ווי אין יחזקאלס טרוים — מיט הויט —
די אויסגעטרוקנט־טויטע ביינער.

ס׳דערנענטערט זיך דער טאָג.
די ביימער שטייען שטום.
די שפּיצן בערג זענען איינגעהאָרכט אין טאָג.
פאַרטראַכטע שטילקייט הערשט אַרום.
בלויז אַ ווינטל ווי אַ סוד,
טוט זיך פון דער הויכקייט אַ צעיאָג
און, בלייבט פאַרגליווערט הענגען אין דער לופט.

ג.

פון די בערג פון יהודה
דערטראָגט אָן עכאָ זיך פון נאָענט־ווייטע טריט.
עמעץ פון פאַרצייטנס מיך ביים נאָמען רופט.
ווי פון אַ גרויליקער אגדה
לייענט ער שטיל די שורות פון מיין ליד —
פאַרלאָפענע מיט שרעק און וויי,
און אות נאָך אות — ער צינדט פון ס׳ניי אין זיי
מיינע טויזנטער פאַרמעקטע יאָר.

כ׳פאַל צו מיט ליפּן צו דער ערד
און ווייס — זי איז פאַראַנען, זי איז וואָר
און נאָר צו איר — פון איצטער, איך געהער.

## פרייטיק צו נאַכט אין ירושלים

ס'איז פרייטיק צו נאַכט.
אַן אויסגעלייטערטע לבנה וואַכט
איבער דער הייליקער שטאָט.
מיט מילדער, פרומער גנאָד —
דער הימל אַרום — פאַרדבקהט בלאָ איז.

פון צווישן בערג ווי פאַרצייטישע ריזן —
נידערן אַראָפּ טראָט ביי טראָט
די הייליקע אושפּיזן —
די אבות און אמהות —
אויף געשלענגלטע וועגן.

זיי אַנטקעגן —
לייכטן אויף אין טאָל
די פענצטער אַלע
מיט מילדער, פרומער גנאָד —
און ווי אין קינדערשן אַמאָל
פאַרשמעקט די לופט מיט פרישער חלה,
מיט ראָזשינקעס־וויין
און שבתדיקע פיש.

אין ווייטער פרעמד
איז די נאַכט אַצינד געדיכט
און שוואַרץ.
נאָר אין יידיש־לאַנד
צינדן אָן געטרייע הענט
אין יעדן הויז

שבתדיקע ליכט
אויף אַ ווייס־געדעקטן טיש.
און אויפן הר־ציון שטייט
די שבת־מלכתא אין אַ ווייסן קלייד
און אין איר האַנט —
אַ רויטע רויז — — —
דאָס פלאַקערדיקע האַרץ
פון אונדזער לאַנד.

**משה עטינגער**

## הונדערט טויערן

מאה שערים ווײַנט מיט בלאָטיקע טרערן,
אירע טויערן הענגען ווי אויסגעלאָשענע לאַמטערן.

ווען מ׳פרעגט דעם אַלטן מוכר ספרים:
איז אמת אַז הונדערט טויערן פאַרמאָגט מאה שערים?
שמייכלט ער און טוט זאָגן:
— שטעל־אויף די אויערן, וועסטו הערן אירע ריגלען קלאָגן.

גיי דורך די ענגע טונקעלע געסלעך,
שמעק־אויס די זויערקייט פון די הערינג־פעסלעך,
כאַפּ־אויף דאָס ווייבערישע מאַרק־לשון,
דעם געבראַזג פון די מטבעות אין די בעטלערטאַשן.
הער דאָס דינגען זיך — די קונים מיט די קרעמער,
וועסטו הערן ווי מאה שערים זינגט איר זמר.

טאַפּ אויס די סחורות, צעלייגטע אויף די שטעלן,
די בינטלעך ציצית, די רויטע קרעלן.
פאַרנעם דאָס קינדערישע חדר־קנעלן,
זייער שפּילן זיך אויף די שוועלן,
דעם מלמדס האַרבע מאַמע־לשון,
דעם גאַנצן געפּילדער און די אַלע רעשן,
וואָס שפּאַרן פון די קראָמען און קלויזן,
אַפילו דאָס כירקען פון די מויזן,
הער ווי עס סקריטשען די געפלאַסטערטע שטיינער,
וועסטו הערן ווי מאה שערים רעדט — מיט אַלע אירע ביינער.

## ווי אין חלום

„בשוב ה׳ שיבת ציון״ (תהלים קכ״ו)

איך האָב היינט געזען מחנות יידן
עולה־רגל־זיין צום הר־הבית.
פיס האָבן אויסגעטופעט פרייד,
גאַסן — שירה.
זעלנער געשטרעקטע ווי אַ ווירע,
מיט באַשווערטע אַקסלען פון כלי־זין,
מיט באַהעלמטע קעפּ, אונטער טליתים ;
גיבורים ביים כותל המערבי
זאָגן הלל —
אין גאַנץ שטאָט ירושלים.

עס האָט זיך מיר געחלומט,
אהרונס שטעקן האָט זיך ווידער צעבליט,
צעשפּראָצט מיט יידישע מאַנדלען ;
אַז שאול זוכט ווידער זיינע פאַרלוירענע אייזלען,
אַז דוד דער קיניג האָט זיך ווידער אָנגעטאָן
די קרוין פון מלכות,
אַז יהודה המכבי האָט מגלה־געווען יצחק רבינען
דעם סוד פון נצחון,
און משה דיין האָט אויסגעקריצט אַ זיבעטן לאַוו :
„לא נזוז מפּה !״
עס האָט זיך מיר היינט געחלומט אַזאַ חלום,
ווייל אַז גאָט האָט אומגעקערט די אומקערונג פון ציון
זענען מיר ווי אין חלום.

**ישראל עמיאַט**

## י ר ו ש ל י ם

און ס׳איז ירושלים דאָס לאָס [1] פון די לידער,
זוך קיין פאַרגלייך, מוחל די טירחא!
ארץ־ישראל איז איין גרויסער סידור
און ירושלים — וירושלים עירך.

און אַז דו הערסט נישט אויף גאַסן — זיי אין אַ געסל,
אין אַ געסל אַ זייטיקס, אַ סימטא אַ שטילע,
און וועסט זיך דערמאָנען — אויב דו האָסט שוין
פאַרגעסן —
פון פרי פון דיין יוגנט אַזאַ נאָגנדע תפילה.

און מעג אויף אַ גאַס אַ פילם־רעקלאַמע
דיך רייצן מיט ליכט, דיך פרוּוון באַזיגן —
דו הערסט אַלץ דעם ניגון, וואָס ס׳האָט דיך די מאַמע
מיט ווייטיק פאַרצויגן איבער דיין וויגל.

---

1) זאַפט, טעם, עסענץ.

## אין ירושלים

מאַך איך אַ ברכה איבער ייִדן:
— אַזוי פיל ייִדן, קיין עין־הרע, אַזוי פיל ייִדן!
פון פאָרנט מיר — ייִדן, פון הינטן — ייִדן,
פון ביידע זייטן — ייִדן.

איך בין אויסגעוווען אַ וועלט יאָרידן
און זיך אויסגעחלשט נאָך אַ ביסל ייִדן —
נישט יודע, זשוויף, דזשו, זשיד און יעווריי,
נאָר אַלע, וואָס שטייען מיט מיר אין דער ריי,
זיינען יהודים, ייִדן.

אָ טייערער בחור, אָ זעלנער מיט פּיאות —
איך שעם זיך פאַר דיר, אַז אָך מיר און ווי איז,
כ׳בין דאָך פון קינדווייז אַ גאַנצער מחותן
מיט קמצא בר קמצא פון מסכתא גיטין,
נאָר ווען איך בין זיך מיט ירושלים אין שפּעט נאַכט מייחד,
צעשפּרינגט מיר דאָס האַרץ אין טיפן פאַר פּחד.
און כאָטש איך וואַש אין ברונעם פון נאַכט מיין נשמה,
שרייט אַלץ אין מיר: טמא, טמא...
און ס׳וויינט נישט מיין מאַמע, מיין האַרציק געטרייע,
פון צאינה וראינה אויף חורבן ירושלים,
נאָר אויף מיין אייגענעם חורבן.

לבבתיני אחותי כלה[1]...
תימנער מיידלעך איך צייל אייערע מעלות.

---

1) פון שיר השירים.

געזען טרעבלינקע — פרעגט מען קיין שאלות,
איך בין עלטער אוודאי אויף אַ פערטל יאָרהונדערט,
נאָר כ׳בענטש מיטן בליק אייך און שטוין און באַוווּנדער:
ס׳ווערט די נשמה אויף דרייסיק יאָר יונגער.
און שלמה קלעזמער שפּילט־אויס כלה צו באַדעקנס
פאַר אַ מיליאָן אייערע שוועסטערס געטויטע אין שרעקן,
און ס׳וויינט דער ניגון
פון זיין איטלעכן פינגער.

אָ, יידישע מיידלעך אין סיצענע קליידלעך,
אָרעם און שיין, כ׳וואָלט וויינען בקהל,
ווי ס׳האָט אַמאָל געוויינט רבי ישמעאל:
בנות ישראל יפות הן [1]...
טייערע קינדער מיט יחוס און חן,
זאָל גאָט אייך אויסהיטן פאַר שרעק און געוויין
ונאמר אמן.

און הינטער די עצי־זית,
(אַזעלכע צדיקים, וואָס האָבן גענוג אַ כזית
אַזעלכע ענווים, וואָס שטייען געבויגן)
שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך,
וואָס אייגעלעך פאַרמאָגן זיי, אויגן, —
איז די שכינה אין זיי פאַרשפּונען
האָסט אַ ווענדקע אין זייער טיף פאַרצויגן
און זיך אַליין אין זיי געפונען.

---

1) (ד״ז) שיין זיינען ישראלס טעכטער.

מאַך איך אַ ברכה איבער יידן:
אַזוי פיל יידן קיין עין־הרע, אַזוי פיל יידן!
פון פאָרנט מיר — יידן, פון הינטער מיר — יידן,
פון אַלע זייטן — יידן.

יוסף פאַפּיערניקאָון

## אין די בערג ירושלימס

**א.**

בערג מיט בערג, בערג מיט בערג —
אויפגעלאָפענע און נאַקעטע
און איך — צווישן זיי — אַ שטויבעלע
אַרומגענומען ווי מיט פעסטונגען —
גיי איינגעמען דאָס שווערסטע
און דאָס הייליקסטע:
גאָטס שטאָט: ירושלים.

**ב.**

בערג מיט אַקסלען און מיט פלייצעס,
שניידן מיט די שאַרף־האָרבאַטע רוקנס זיך אַריין
אין ווייסלעכץ פונעם אָפּגעקילטן אָוונטהימל,
ווי פאַרריסענע און שטייפע קעמלען
וואָלטן קאַראַוואַנענווייז, צעשאָטענע,
געצויגן מיט דער נאַכט אויף זיך —
באַלאַגערן די טויערן פון ירושלים.

**ג.**

צערוקט אייך, בערג! צערוקט אייך! כ'ווער דערשטיקט!
מיך וואַרגט אַ ווילד באַגייסטערונג־געשריי פון מאַכט,
און ס'דאַכט זיך מיר, אַז כ'וואָלט אַצינד אַליין די
בערג צעריקט
מיט אור־כוחות פון בראשית אויפגעוואַכט.

צערוקט אייך, בערג! ס'איז ענג מיר אייער קייט!
צו הויך פאַרריסן האַלט איר אייר'ע שטייפע קעפּ
און קוקט זיך איינס דאָס אַנדערע אַריבער בלינדערהייט —
ירושלימס פירנדיקע טרעפּ.

## אויפן וועג קיין ירושלים

אין די בערג ירושלימס
ווו ס'באַהאַלטן זיך די וועגן,
וואָס צעלויפן זיך ווי שלאַנגען —
האָב איך, פאָרנדיק, געזען דיך
מאַמע — מאַמע־ערד.

געווען איז עס פאַר נאַכט.
די זון איז שוין געזעסן אויף די בערגרוקנס,
און ווי אויף קעמלהאָרבן —
שטראַלנדיק געריטן צום פאַרגאַנג,
און רייטנדיק — געלאָזט דיך הינטער זיך —
אין דיין צעפּעכערט הונדערט־פאַרביק קלייד,
וואָס פול איז עס געווען מיט ווייכע פאַלדן,
און די פאַלדן — פול מיט ליכט און שאָטן.

האָב איך דורכן פענצטער דיך געזען
אין לייכטנדיקן אומעט —
טאָל־אַראָפּ און באַרג־אַרויף,
אויף טרעפּ פון שטיין און פעלדז ;

אַלע ווייל איז דיר אַ באַרג דעם וועג פאַרלאָפן,
זיך געשטעלט צעווישן מיר און דיר
מיט אַ האָרבאַטער פלייצע —
אַ פאַרוואַקסענע מיט ווילדקייט פונעם בראשית ;

אַלע ווייל ביסטו אַפער פון הינטער זיי,
ווי וואָלסט מיט מיר געשפּילט זיך אין באַהעלטעניש

ביז — ס׳האָט די זון צום לעצטן מאָל
ווי דורכגעריסן זיך
דורך זיבן גראָע־בלאָע נעפּל־שלייערן,
און ס׳האָט אויף דיר אַ פּלייץ־געטאָן מיט פּליסיק גאָלד,
ווי דורך אַ זיפּ אַדורכגעזיפּט
און — אויסגערונען מיטן טאָג צוזאַמען.

קיין ירושלים בין איך אָנגעקומען —
ווען די נאַכט האָט שוין געצונדן שטערן,
ווי די מאַמע — ליכט צום בענטשן ;
אָנגעקומען מיט אַ נאָגנדיק געפיל
פון בענקשאַפט און רחמנות צו דער מאַמע־ערד,
וואָס כ׳האָב באַגעגנט אין די בערג
און זי געלאָזט דאָרט נעכטיקן אַליין...

# אַ שניי אין ירושלים
(קינדערליד)

אַ שניי, אַ שניי אַרויסגעפאַלן
אין ירושלים;
קינדער, קינדער, קינדערלעך —
אַ נס מן השמים!

שניי אויף בערג, שניי אין טאָל,
און באַשנייט די דעכער.
קינדער, קינדער, קינדערלעך —
אַרויס פון אַלע לעכער!
זעט נאָר, זעט ווי אַלץ איז ווייס,
ווי מיט ווייסע טיכער;
אוי, ווי שיין ס'איז, אוי ווי שיין! —
גיכער, קינדער, גיכער!
קלאַפּט צונויף אַ שליטעלע,
אַ פלעקל צו אַ פלעקל,
נאָר פאַרגעסט נישט אויפן פערדל
אָנהענגען אַ גלעקל.
אָבער פריער — זעט די פלעקלעך,
ברעטלעך צו געפינען —
איידער ס'וועט די זון אַ שיין־טאָן
און דער שניי — צערינען...
אַ שניי, אַ שניי אַרויסגעפאַלן
אין ירושלים.
קינדער, קינדער, קינדערלעך —
אַ נס מן השמים!

**ריקודה פּאָטאַש**

# ירושלים

כ'בין אָנגעקומען צו דיר, ירושלים,
ווי אַ קעמל אָנגעלאָדן מיט זיין פּיין,
איך האָב דיר געברענגט צוויי אויגן מיט וויין,
ווי טרויבן צייטיקע — ירושלים.

איך טרעט אויף דיינע וועגן, שטעגן, טאָלן,
צווישן שעפּעלעך פאַרביקע מיט פרענדזלעך גאָלד און בלוי
פון מינדסטן ברעקל דיינעם ווערט מיר ס'האַרץ צעמאָלן,
צייטיק ווערט מיין טרויער, און ס'רינט אויף איר דיין טוי.

כ'האָב אין דיינע בערג די רו נאָך נישט געטרונקען,
ווי אַ קעמל אָנגעלאָדן מיט מיין פּיין,
איך וויל משא אָפּלאָדן ביי דיינע טויערן
און פון מיינע אויגן אָפּטריפן דעם וויין.

לאָמיך פון העכסטן באַרג צעשמעטערן מיין טרויער,
אויסלעשן אין מיר די פייערן פון שרעק,
פאַרוואַרפן מיינע הענט, אַרומהאַלדזן דיין מויער,
און האָרכן ווי עס גייען די טרויערטעג אַוועק.

## מאה שערים

הונדערט טויערן.
אין מאה שערים ריידן שילדן
פון קליינע הייזקעס אַראָפּ,
מיט לשון־קודש — — —

און יידן פרומע טראָגן דעם טאָג
ווי דאָס וואָרט פון גאָט
אויף זייערע פּנימער — — — —

לויפט פאַרביי די מאַמע שרה
מיט אַ קענדעלע מילך
פאַר אָרעמע קינדער —

לאָזט עס שטיין פאַר אַ טיר
און אַנטרינט אין דער מערת המכפלה — — —

קומט איר אַנטקעגן אברהם אבינו
אויף אַן אייזעלע אַ קליינס,
ער פירט אין שטאָט אַריין אַ ביסל גרינס — — —

אברהם אבינו האָט אַ ווייסע באָרד
און מוטנע גוטע אויגן —
און אין זיינע הענט דאָס רחבות פון לאַנד — — —
און אין אַ שולעכל אַ קליינס,
וואָס איז פאַרביק ווי אַ תימניש געוואַנט,
ווי אויסגענייט מיט אַן אָרנאַמענט, —
ווײנט אַ קול אויף חרובע שטעט
און ס'שוועבן הענט אין אַ געבעט — — —

## דער שחר ווינט

אין דער אַלטער שטאָט,
אין ירושלים,
הענגט דער טיטוס־בויגן
מיט צעריסענע פליגל,
מיט בלינדע אויגן.

אַ ווילדער ווינט ווײנט
פאַר פאַרבליבענע ייִדישע משפחות,
וואָס זיצן אויף די חורבות
ווי ירמיהו בײַ די טויערן,
און דער שבת קומט
אויף ווײַסע זײַדענע לאַטשן
אין אַלטשטאָט אַרײַן, —
גלעט די מאַמעס
וואָס האָבן זייערע זין
צום דערלייזן ס'לאַנד געגעבן.

דער טיטוס־בויגן
האָט צעריסענע פליגל
מיט בלינדע אויגן.
און דער ווינט ווײנט
מיטן שחר.

## דרייצן טויערן

די טויערן פון ירושלים
שטייען מיט אַ גרויסער לבנה
אויף זייערע קעפּ.

אויפגעפּראַלט האָבן זיך די טויערן —
ווער וועט אַרויפגיין
אויף זייערע שוועלן?

ווער וועט דעם טאָג
ווידער צעהעלן?

אין די דרייצן טויערן
פון ירושלים
וועלן אַריינגיין
פאַראבלטע מאַמעס,
וואָס האָבן אַוועקגעגעבן
זייערע קינדער,
זייער לעבן —
פאַרן דערלייזן ס'לאַנד;
אין די דרייצן טויערן פון ירושלים
וועט מען די מאַמעס קרוינען
מיט גאָלדענע קרוינען.

**חיים־לייב פוקס**

## צו דיין שער, ירושלים



ווינט ! צעטרייב דעם נעפל פון די בערג
און ווייז מיר דעם שער —
דעם טויער, דורך וועלכן כ'וועל קומען צו דיר,
י ר ו ש ל י ם !

אַלע טויערן פון דער וועלט זענען צו,
דיין טויער איז אָפן ;
צי זיך אויס צו מיר, קום נענטער, ווער נאָנט, —
גיי אַריין אין מיר !

ווי אַ יתומל, אַ קליינס, שטיי איך און בעט :
— עפנט אַ טיר !
אַלע טירן פון דער וועלט זענען צו —
דיין טיר איז שטענדיק אָפן.

ווינט ! נעם און פיר מיך, ווי אַ באָבעשי עס פירט
צום ערשטן מאָל איר אייניקל גיין.
פיר מיך און ברענג מיך דורך דער נאַכט,
דורכן טויט
צו דיין שוועל !

עס העלט שוין נישט מער די זון אין מיין אויג,
עס גרויט שוין מיין קאָפּ מיט אַש און מיט צער.
דורך טויערן פון פיין, דורך קאַמערן פון טויט,
ווי ס'איז מיין מאַמע אין גלויביקן טרויער,

אין לעצטן געשריי אירן „שמע“ —
אַרויס צו דיר צום לעצטן מאָל פון געטאָ־טויער
צ ו ד י ר, י ר ו ש ל י ם —
צ ו ד י י ן ש ע ר...

# ירושלים

ירושלים! אויף דיינע געסלעך, איך גיי אַצינד,
ווי אין גוטע חדר־יאָרן. איך בין אַ קינד.

דער רבי זינגט דעם ניגון אויס פון „ואני"
צוויי טויזנט שריט צום שטאָט, נישט ווייט פון הי,

ליגט די מאַמע רחל, אַ טויטע אויפן וועג.
און ס'וויינט אין מיר דער ניגון פון יענע, אַלטע טעג —

עס וויינט דער ניגון און ער לאָזט זיך שטיל אַראָפּ,
ווי מיין מאַמעס טרער, אויף איר קינדס אַ קאָפּ.

אויף דיינע קרומע געסלעך, ירושלים, איך טרעט,
און מיין יעדער טראָפּן בלוט איז אַ שטיל געבעט:

מאַמע רחל מיין, דו לעבסט, דו ביסט דאָך דאָ אַצינד —
פאַר וואָס, אַ זאָג, הערסטו נישט ס'געוויין פון דיינט
אַ קינד?

## צו חצות ביים כותל המערבי

אַ מנין יידן מיט בערד און פּאות
די קעפּ צוגעטוליעט פעסט צו די שטיינער.
אין אַ ווינקל באַזונדער, שטיי איך אַליינער
און שעפּטשע מיין תפילה צום הוגה־דעות.

עס יאָמערט אין לופטן דער טרויעריקער ניגון
פון תיקון העולם אין תיקון חצות.
איך שטום און שוויג און לאָז זיך פאַרוויגן
פון נצח ישראל, פון מופת און אות...

מיין תפילה געמישט איז פון עברית און יידיש,
ווי מיין מאַמעס געבעט פון סידור און תחינה.
כ׳האָב יאָרן געגאַרט נאָכן נס פון חידוש,
כ׳האָב איצט אים ביים כותל צו חצות אָפּגעפונען.

נאָר וואָס לייכטן די לאָמפּן און בלענדן די אויגן?
זיי שטערן, איך פיל עס: ער זאָל זיך באַווייזן —
משיח צדקנו, וואָס זאָל אונדז דערלייזן
אין ליכט פון אַ הימליש פּילפאַרביקן בויגן...

דער בויגן פון פאַרבן, ווי נאָענט ער איז מיר
די שעה פון חצות ביים כותל אין תפילה.
כ׳לאָז פליסן די טרערן אין די שטילסטע שטילן,
ווי ס׳פליסן די בלוטן אין מיר איצט אין מזמור.

**יעקב פיכמאַן**

# ירושלים

שטאַרבט אָפּ דעם טאָגס געזאַנג, טריפט באַלד ווי
אָנגעצונדן,
די אַלטע פּראַכט פון אַלע גרויע שטיינער ;
און גלאַנץ, וואָס איז אין טאָג, אין רוישיקן פאַרשווונדן,
אַנטפּלעקט אין שקיעה־פלאַם זיך געטלעכער און ריינער.

שטאַרבט אָפּ דעם טאָגס געזאַנג, און אין דעם ליכט
דעם לינדן
בליען חורבות ניי פאַריונגט, ווי אויפגעלעבטע ביינער.
און רייטלען זיך די מויערן ווי רויזן און ווי ווונדן —
איז אייביקער פון דיר און מער געבענטשט ניט קיינער.

נאָר ווען אין גאַרבנטוי דאָס ליכט פון מאָרגן רייצט מיך,
און ווי אַ גרינעם בוים, דער נייער טאָג פאַרפלייצט מיך —
מיין שוימענדיקן בעכער הייב איך אים אַנטקעגן.
אוי, בשורה־לידער, קלינגט אויף אַלע ווייטע וועגן !
גלי אויף, דו רויטער טאָג, און שטייג אויף בערג
פאַרגרויטע —
און מיט געזאַנג גיי, האַרץ, פאַרביי דעם טאָל פון טויטע.

**ל. פיינבערג**

# ירושלים

די זון שפּרינגט איבער די הרי־יהודה —
אַ גאָלדן ציגעלע אויף שטראַליקע פיס.
דער זיסער קלאַנג פון דעם פּאַסטעכלס דודע
הענגט, ווי אַ טרויב, אויפן באַרגיקן ריס.

דער וועג, ווי אַ ווייסער, אַ זילבערנער למד,
זיך שלענגלט פאָרויס — באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף.
די בייטן אין טאָל — גרינע שורות פון סאַמעט —
טאַנצן און קרייזן אין שטראַליקן לויף.

די זון — אויף עקדה, ווי דער איל פון חומש,
מיט צעשניטענעם האַלדז ליגט אין גסיסה־צוק.
און וואָלקנס, ווי שרפים מיט פליגלען ווייס־פרומע,
טריפן אייל אויף די ווונדן — פון אַ גאָלדענעם קרוג.

איבער חומות און תהומות גייט אויף אַ ניגון,
וואָס שוועבט איבער שטאָט, ווי אַ זילבערנע פלייט.
די בערגלעך, ווי לעמער געקרייזלטע, ליגן
אין אוראַלטער רו, ווי אַ פורפּורנע קייט.

דער אָוונט נידערט אויף שטאָט ירושלים —
אַ בלויע, פאַרבענקטע טירקלטויב.
די וואָלקנס, באַזוימט פון שקיעה־פייער,
ווי שאָף, זיך פּאַשען אין דימענטשטויב.

די נאַכט שפּאַצירט איבער שפּיצן פון חומות —
אַ ווייסע מלכה אין דימענטקרוין —
און זעט איבער שטייניקע געסלעך חלומות,
אַ נשאר פון ישעיהס חזון.

ווי הענגלעך טרויבן — באַטויעטע, שווערע,
פון זון באַטרונקען מיט שיכורן זאַפט,
אויף הימלען הענגען ירושלימער שטערן —
אַ שטראַליקער כתב פון נאָך־איידער באַשאַף.

די נאַכט הילט איין ירושלימער דעכער
אין זילבערנער שמלה פון קרישטאָלענער שיין.
די שטערן טריפן פון אליהוס בעכער
אויף פלאַכע דעכער זילבערנעם ווייַן.

## די ערשטע נאַכט אין ירושלים

באַגעגנט האָט ירושלים
די צוויי חברים מיט גלין־גלאַן.
געווען איז דאָס דער טאָג פון ניי־יאָר,
געשוועבט אין רוים האָט גלאָקן־קלאַנג.
און ס'פּיינען לוליק'ן מחשבות:
ס'האָט גלאָק אין מאָסקווע אים געפּלאָגט
און דאָ, אין שטאָט פון מלך־דוד,
אויך דאָ — דער קלאַנג פון קלויסטערגלאָק. —
אַרויס פון דיליזשאַנס — זיי שפּרייזן
דורך יפו'ר גאַס, מיט שטוין און פּאָרכט
אַרויף צו די בוכאַרער הייזער,
ווו ס'וווינט דער חבר צבי שחור.
דאָס ווייבל צבי שחור'ס, שושנה
צום טיש שטעלט גרינסן, פלייש און ברויט.
מע רעדט פון היימישע באַשטאַנעס
און פון אַרבוזן סיפּקע־רויט.
די שעה'ן פלאַטערן, ווי פייגל,
פון לאַנגן פליען אָפּגעשוואַכט.
פון מידקייט קלעפּן זיך די אויגן:
— „נו, צייט, חברים, מאַכן נאַכט!" —
די קישנס אויף די בעטלעך בלאַנקען.
דער דיל מאָזאַאישער — ווי גלאָז.
דעם קאָפּ פאַרוואָרפן, כראָפּעט י אַ נ ק אָ,
און לוליק ציט אַ פּאַפּיראָס.
און מיט אַ מאָל — אין וואָר, צ'ין חלום
דערטראָגט צו אים זיך אַ געוויין,
ווי ס'וואָלט די אַלטע, „שטאָט פון שלום"

גערקלאָגט מיט יעדן הויז און שטיין.
און ס׳דוכט זיך לוליקן אין שטוינען:
דורך דיל און באַלקנס, און סופיט
קלאָגט ירמיה, דער בעל־מקונן,
אויף בראָד פון פּאָלק זיין איכה־ליד.
ער שפּרינגט אַראָפּ פון דעם געלעגער,
פּאַרפּאָלגט פון פינצטערן געקלאָג.
ער בלייבט ביים פענצטער שטיין אַ רגע —
אויף שויב שאַר׳עט שוין אויף טאָג.
ער עפנט ס׳פענצטער: קעגנאיבער,
אויף מינאָרעט — אַ מועדזין
מיט שטים חזנישער און טריבער,
זיין תפילה פּרעפּלט אין באַגין.

## ביים כותל־מערבי

אויף מאָרגן האָבן די חברים
געלאָזט זיך צו דער „אַלטער שטאָט".
כאָטש לוליק איז אַן אפיקורס,
ער שפּירט די נאָענטקייט פון גאָט.
די זון קאָן זעלטן קוים דאָ, גרייכן
די שמאָלע גאַס דורך שטיינגעוועב.
דורך לאַבירינט מיט טריט, מיט ווייכע,
חברים שפּאַנען איבער טרעפּ.
אויף רעכטס — ביים שטיינגעפלעכט צופוסנס —
אַ טירל — האַלב־געוועלבט און רונד:
אַן עדה יידן בניחותא
זיך טובלט אין דער טבת־זון.
און איבער זיי — דער אַלטער כותל
פאַרדעקט דעם הימל'ס בלוי געוועלב.
די יידן שטייען אין טליתים,
פון זון באַגאָסן — גאָלד און געלב.
אַ ייד אַ דאַרער, ווי אַ נזיר,
גלעט צווישן אַלטן שטיין די גראָזן,
ווי באָרד און פיאות פון די אבות
געוואַקסן וואָלטן פון דעם שטיין.
ביים אַלטן כותל מערבי
זיי בלייבן שטיין פאַרווירט אין שטוין,
און לוליק טראַכט: — ׳שוין צוויי יאָרטויזנט,
ווי בעסער שמעקט דעם יידנ׳ס נאָז
פון דופטיקע, פון גלות־רויזן
דאָס כותל־מערבי־גראָז.

איז דאָ אַ זין אין סוד פון אומה?
איז אויך אין בלוט פאַראַן באַשייד? —
און ס׳הילט זיין האַרץ זיך איין אין אומעט,
וואָס זיסער איז פון זיסטער פרייד.

בן־ציון פעסלער

## כותל מערבי

עס שטייט אין ירושלים דער שטאָט
אַ יידישער שטיין.

אָ, שטיין, אָ שטיין, אָ הייליקער שטיין !

ער האָט אַמאָל ג־ט אין זיין פּראַכט געזען
און — שטייט היינט פרעמד דאָרט, גראָ און אַליין —
דער שטיין...

דיין פאָלק איז טויזנט מאָל עלנטער געווען
און — שטייט ביז היינט נאָך איינזאַם און ריין —
אָ, שטיין !

פאַרשווינדן מוז די נאַכט. עס קומט דער טאָג,
און דו וועסט אויף סניי זיין דער וועלטן־ראָג,
אָ, שטיין !

אָ, הייליקער, יידישער שטיין !

**אהרן צייטלין**

## געזאַנג לכבוד ירושלים עיר הקודש

ירושלים, מאַמע געטלעכע,
באַשענק דיין קינד, וואָס גייט אָן ליכט,
מיט שטראַלן, חסד־שטראַלן עטלעכע,
און אָטעם אויף אין זיין געדיכט!

צו דיר, וואָס דו באַהעלסט פאַרלאָשענע,
אַנטלויפסט פון ערדישן יאַריד,
פון ליפּן פאַלשע, הערצער גראָשענע,
אַ יונגער אומעטיקער ייד.

איך קום צוגיין פון דאָס פאַרשווינדיקע,
צו דיר, וואָס טורעמט איבער צייט,
פון אַל דאָס בייטעוודיק־אַצינדיקע —
צו דיר, וואָס ווייס ניט פון קיין בייט;

פון רייד, וואָס פּראַלן פּוסט און טמאדיק, —
צו אַלטן זינגענדיקן שטיין.
דיין בלויע לופט ברענט נר־נשמהדיק,
אין דיר טוט תפילה גאָט אַליין.

כ׳וויל אין דיין כותל, ניט צום איינלייגן,
מיט טרערן אויסברענען אַ שפּאַלט
און מיין נשמה דאָרט אַריינלייגן —
ביז טעג פון אחרית — אויף באַהאַלט.

דער אור, וואָס האָט אין אורצייט אויפגעהעלט,
און ס'האָט באַהאַלטן אים גאָטס האַנט, —
אין דיר באַגערט ער ווערן אויפגעדעקט,
דער וועלט דער אונטערשטער באַקאַנט.

אַ העלקייט העלט אין דיר אַ שטענדיקע,
נאָר ס'ווערט געהיט פאַר דיר, ווי וויין,
אַ שיין נאָך ליכטיקער, נאָך בלענדיקער:
די לעתיד־לבואדיקע שיין.

ווען ס'וועט דאָס הויז פון אדום איינפאַלן,
ווען נאַכט וועט אַרבן אדומס ווין, —
וועט אויף דיין פּנים יענע שיין פאַלן:
זי פאַלט אויף דיר פון גואלס קרוין.

אַז וויל דעם אויג, וואָס זעט דיין אחרית־טאָג,
ווען נייער אלף קומט נאָך תיו,
דיין אור־הגנוזדיקן אחרית־טאָג,
ווען ס'כאַפּט זיך רחל אויף פון שלאָף!

## די צוקונפטיקע מלכים פון ירושלים

מיר זענען צו קבר ישראל נישט געקומען,
נישט געקומען.
ברענען מיר אין דער וועלט'ס פאַרבאָרגענע אַרומען,
אין דער וועלט'ס אַרומען.
זיי דו אונדזער קבר, אויב דו קאָנסט! נישט נאָר קבר —
אויך קרבן און קדיש.
טו אונדז אויס דאָס פייערקלייד, טו אָן תכריכים
און ווינטש אונדז תתחדש.

ניין, דו קאָנסט נישט... דאָס קען דאָך נישט קאָנען
אַ בשר ודם!
וועלן מיר שוין ברענען אַזוי ווייטער, מיר — מיליאָנען,
ביז דער פלאַם
וועט דעם חוב פון חורבן תחת חורבן סיקו סילוקן
און וועט עשו'ס הויז פון רויב פאַרטיליקן.

ערשט אַז דאָס הויז פון רויב וועט זיין צו אַש,
וועלן מיר זיך שטעלן בויען,
מיר מענער, קינדער, פרויען, —
ס'בית המקדש פון פייער.

מיט זיין נייעם פייערדיקן קודש־הקדשים,
ס'הויז פון דעם נייעם באַשאַף...
מיר — די זעקס מיליאָניקייט אנשים, נשים וטף —
די קרבנות פון אַלטן באַשאַף,
און די האַרן פון נייעם!
מיר די צוקונפטיקע מלכים פון ירושלים!

אלחנן צייטלין

## נאַכט אין ירושלים

די נאַכט האָט ווייס באַגאָסן דיינע שטיינער —
די זילבערנע האָר פון דיין גרויען קאָפּ —
און ס׳גלעט דיינע צעקנייטשטע באַקן אַ האַנט אַ געהיימע,
וואָס לאָזט זיך פון הרי־יהודה אַראָפּ.

איך טרעט אויף דיינע שווערע, אומעטיקע שאָטנס,
וואָס וויקלען דיך אַרום ווי שמאַטעס אַ געפרוירן קינד,
ווען צווישן דיינע פעלדזן וויינען עלנטע שאַקאַלן,
ווי ס׳וויינט אויף טרויעריקע פעלדער אַ דערשראָקענער
ווינט.

עס וועקן זיך אויף הר־הזיתים שרעקעדיק מצבות,
וואָס ליגן אויסגעשטרעקט ווי צו דער שחיטה שאָף.
דיין נאַכט, דיין העלע נאַכט, ירושלים,
פאַרטרייבט פון זייער אַלטן אויג דעם פאַרמעטענעם שלאָף.

נעם מיך אַרום, דו פעלדז — ירושלים,
מיט אָרעמס פון דיין בייזער, שטאָלצער נאַכט, נעם מיך
אַרום!
עס ברומט דיין שרעקיק־העלע שטילקייט אין די גאַסן
דעם אייביק־צאָרנדיקן, לייבישן געברום.

**י. ד. קאַמזאָן**

## אין שכמ׳ער טויער

מיין צימערל אין ירושלים, אין שכמ׳ער טויער —
פון צימערלעך אין שטאָט — איז עס דאָס קלענסטע,
נאָר אַנטקעגן הר־מוריה קוקט אַרויס דאָס פענצטער,
און ווי עס ווערט נאָר נאַכט — קומט צו מיר מיין טרויער.

און אין דער נאַכט — אויף הויכן דאַך איך שטיי :
אַ פּאַסטעך, און די שאָף מיינע — קופּאָלן ;
טשערעדעס אויף בערג און טשערעדעס אין טאָלן
רעכטס און לינקס — צעלייגטע רוען זיי.

אַלע שטערן — בלומען אין אַ טאָל.
די לבנה זילבערט אין דער מיט —
אַ טייכעלע אַ קילס, פון לויטערן קרישטאָל.

און אין חצות פון נאַכט, אין שטילן, העלן כאָר —
מיט שטערן און מיט שטילקייט זינג איך מיט :
„אדני רועי לא אחסר״.

## ערב שבת אין ירושלים

פרייטיק פאָר נאַכט.
טויבן ווייסע ווי דער שניי,
פליען באַזאַכט,
דריי — פּאָרויס,
איינע — נאָך זיי —
אַ ליכטיקע שיין
אין הימל —
פרייטיק פאַר נאַכט.

## „חדרים״ אין ירושלים

פּאַראַן „חדרים״ אין ירושלים ווּ מען לערנט נאָך
אויף יידיש :
„ויאמר״ און ער האָט געזאָגט, „ויצא״ און ער איז
אַרויסגעגאַנגען ;
און מיט פאהלעך געקרייזלטע, ווי פלעכטעלעך אויף
חלהלעך צו קידוש —
זיצן קינדער אָנגעפּיקעוועט אַרום אַ טיש אַ לאַנגן.

און פּנימ׳לעך אַנטקעגן פּנימ׳לעך, ציטערדיקע, בלאַסע,
מיט פינקלענדיקע אייגעלעך, ווי ווייטע פייערלעך אויף
וועגן —
זינגען זיי דעם רבין נאָך אַ בראשיתדיקע מעשה,
ווי פון שטיינער איז איין שטיין געוואָרן — דאָרט ווּ
יעקב איז געלעגן.

בין איך היינט פאַרביי אַ שכונה, איז מיר שטאַרק
געווען אַ חידוש :
וואָס עס רוישט דאָרט, ווי עס רוישט אין ווינט, אַ פעלד
מיט זאַנגען...
פּאַראַן ,חדרים״ אין ירושלים, ווּ מען לערנט נאָך אויף
יידיש :
„ויאמר״ — און ער האָט געזאָגט „ויצא״ — און ער איז
אַרויסגעגאַנגען.

**אַלטער קאַציזנע**

## פראַגמענט פון „מאַמע־וואַנט"

האַרט פאַרן כותל, פאַרטייעט —
שטייען די אמתע שווערע געמיטער,
פון ערגעץ געקומענע מענער און פרויען —
דער וואַנט זייער ווייטיק און צער צו פאַרטרויען.

די וואַנט איז אַ שווערע, די וואַנט איז אַן אַלטע
מיט ווילדן געוויקס אין די שטיינערנע שפּאַלטן,
אַזוי ווי מיט האָר אין אוראַלטע אויערן —
הערט זי דעם אויסגוס פון ווייטיק און טרויער.

און דאָ איז דיין האַרץ מיט אַ חלף אַריבער:
דו זעסט, אַז די וואַנט איז צעפּרעסן פון גריבער,
פון אייביקע טרערן, וואָס אויגן פאַרלירן —
פון אייביקע קושן דער שטיין איז פאָלירט!

דאָ הערט מען נישט וויינען אויף גלות־השכינה,
נאָר הערצער צעגייען און אויגן צערינען
פון אייביק־און־טעגלעכע מענטשלעכע ליידן,
צו וועמען, אַז נישט צו דער וואַנט זאָל מען ריידן?!

מען שרייט נישט בציבור, מען רעדט נישט צוזאַמען,
נאָר יעדער באַזונדער גיסט אויס פאַר דער מאַמען
באַהאַרצט און בלחש — זיין ווייטיק דעם גרויסן,
און: דאָס איז די טרייסט, וואָס אַ מאַמע הערט אויס!

**רחל קאָרן**

## דער וועג קיין ירושלים

באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ,
שלענגלט, דרייט זיך דער וועג
צווישן אוראַלטע פעלדזן און ביימער —
איז אַ וועגווייזער אַיעדער בוים
צו דער שטאָט —
באַטליתט מיט תפילות און טרוים.

ביים ראַנד פונעם וועג,
מיט די ביימער אַרויף,
מיט צעבראָכענע ריפּן —
ליגן טאַנקען און דזשיפּן
אַזוי ווי זיי זענען געפאַלן
אין יענע פאַרכטיקע טעג.

דער זשאַווער ראָסטיקט, ווי פאַרגליווערט בלוט
אויף די סקעלעטן
פון די טאַנקען און טאַנקעטן —
אַזאַ שווייגן אַרום,
קיין פויגלשער צווירטש, —
נישט צו וועקן די שטילקייט
אויפן בית־עלמין פון אייזן און שטאָל.

צווישן ראָסטיקן אייזן — פאַרטריקנטע בלומען,
און אָט,
אין מיטן

אַ פרישער בוקעט,
נאָך פייכט פון טל, צי פון טרערן —
כ׳קען קיינעם נישט זען,
ס׳איז קיין טריט נישט צו הערן —
מסתמא געקומען,
געשטאַנען אַ ווייל
און אַוועק
מיט געשלענגלטן וועג.
אַ מאַמע, אַ שוועסטער, אַ כלה, אַ ווייב?
אַרומגענומען אַ דזשיפּ אָדער טאַנק, —
ווי דאָס וואָלט געווען פון געליבטן דאָס לייב,
וואָס האָט זיך פאַרשיתופט מיט אייזן און שטאָל —
צו באַפרייען די שטאָט אויפן באַרג,
די שטאָט פון היינט און אַמאָל.

באַרג־אַרויף, באַרג־אַרויף,
שלענגלט, דרייט זיך דער וועג
צווישן אוראַלטע פעלדזן אוןביימער —
יעדער בוים —
אַ וועגווייזער דאָ
צו דער שטאָט
באַטליתט מיט תפילות און טרוים.

משה קולבאַק

# י ר ו ש ל י ם

**(פונעם בוך „משיח בן אפרים")**

ירושלים, ירושלים,
מיר האָבן אויפגעהאָנגען אונדזערע הערצער אויף דיינע מויערן.
פון טרערן האָבן מיר דיך אויסגעבויט.
דיינע שטיינער זיינען די גופים אונדזערע.

ירושלים, ירושלים,
שטאָט פון כהנים, פון מלכים און נביאים,
דו יאָמערסט ווי אַ שטורעם איבער אונדז,
און רייסט אַרויס די בלוט פון אויסגעברענטן האַרצן.

מיט טראָגן אויף די ביינערדיקע פלייצעס דעם יאָך
פון דיינע טורעמס און בריקן,
און מיט די פוקסן פון דיינע חורבות קלאָגן מיר:
ירושלים! ירושלים! ירושלים!

קעהאָס קליגער

## אין מאה שערים

די בענטשליכט גייען אויס. אין מאה שערים איז פינצטער.
עליזה, לאָמיר אַרויסגיין צום ליכט פון די שטערן ;
מירן זיצן און שווייגן. אין דער ירושלימער שטילקייט
וועלן מיר די טריט פון שבת־מלכתא הערן.

כ׳בענק צום שאַרך פון די זיידענע טריט פון שבת־שבתון,
ווי אַמאָל אין מיין יידיש געסל וואַלינער.
אין שטאָליקן רויש פון מיין נאַקעטער וואָך, אין זיין חומר,
קען איך די דאָזיקע טריט נישט געפינען.

עליזה, די בענקשאַפט צום שטאַם פאַרצערט מיך, ווי
אַ דאָרן,
איר שיינקייט יאָמערט אין מיר, ווי אַ סטרונע.
אויפן שאָטן פון מיין הוילער וועלט הענג איך געקרייציקט
אַן עלנטער — אָן גאָט, אָן אמונה.

קום, לאָמיר די טעג פון דער וואָך פאַרחלומען מיט שבת
ביים שנויצליכט הינטער מזוזהדיקע טירן.
לאָמיר ביי די הייליקע שטערן אונדזער ביידנס בענקשאַפט
מיט אבותדיקער קדושה פאַרצירן.

עליזה, זע, ווי די שטילע אַטלעסענע טריט פון שבת
שטייגן אויף די בערג, ווי זיי שוועבן — — —
קום, לאָמיר ביים ליכט פון די שטערן שווייגן און חלומען,
אַז אייביקער שבת וועט אונדז הייליקן ס׳לעבן.

## צו אַ מיידל פון ירושלים

מיידל, כ'קען נישט טרעפן פון וואַנען
דיין שטאַם איז — פון תימן, מאַראָקע?
כ'זע, דער תנכישער רייץ איז פאַראַנען
אין דיינע אויגן, דיינע לאָקן.

אמת, כ'ווייס נישט אַפילו דיין נאָמען,
נאָר פון דיין בליק טו איך לייענען —
ביסט אַ טאָכטער פון יעקבס זאָמען
און פון די אמהות דיינע חנען.

אָבער אַ נפקא־מינה פון וואַנען
דיין פנים, וואָס מלא טעם איז.
דו וועסט מיך שוין תמיד דערמאָנען,
ווי שיין מיין ייִדישער שטאַם איז.

**מאָריס ראָזענפעלד**

## ירושלים

אָ, ניין, איך קאָן אין פרעמדע לענדער
ניט בעטלען גיין אַ היים מיט שאַנד, —
נאָך בינדן אַלטע ליבעס־בענדער
מיך פעסט צו מיין געליבטן לאַנד.

נאָך ווערן פול די מידע אויגן,
ווען איך דערמאָן מיך אָן אַמאָל,
ווען איך האָב זיסע רו געזויגן
און ניט געהערט דעם טרייבערס קול.

ווען איך האָב ניט געקענט דעם האַסער
און האָב דעם עלנט ניט געפילט,
ווען איך האָב ביי דעם ירדנס וואַסער
געשטיפט, געזונגען און געשפּילט.

ווען איך האָב מיינע שאָף געפּיטערט,
און לעבן מיר האָט זיס און פרום,
אין הייסער ליבע שטיל געציטערט
ירושלימס שענסטע בלום.

נאָך ווערט די ברוסט מיר פול מיט פריידן,
ווען איך געדענק די אַלטע צייט, —
מיר דאַכט, איך הער די טויטע ריידן
צו מיר פון ווייט, פון זייער ווייט.

מיר דאַכט, איך הער באַקאַנטע שטימען
מיך רופן: „קום אַהיים צוריק!"
און טיף אין האַרץ הייבט אָן צו גלימען
אַ האָפנונג אויף אַ נייעם גליק.

מיר דאַכט, איך זע דעם כרמל ווידער,
דעם שרון גרינען פון דאָס ניי,
עס שמעקט די לופט, עס קלינגען לידער —
עס קומט צוריק מיין ערשטער מיי.

מיר דאַכט... און כל זמן מיר וועט דאַכטן,
וועל איך נישט אויסשטעלן מיין האַנט
צו די, וואָס קאָנען מיך ניט אַכטן,
און בעטן זיי אַ היים מיט שאַנד.

אָ, ניין, איך קאָן אין פרעמדע לענדער
ניט אומגיין זוכן אַ באַשטאַנד,
נאָך בינדן אַלטע ליבעס־בענדער
מיך פעסט צו מיין געליבטן לאַנד.

**נחמן ראַפּפּ**

## ביי דיין טויער, ירושלים

אָ, דו אומבאַגרייפלעכע.
איך שלאָג צו דיינע טויערן —
אַ כוואַליע אָנגעפּוישטע מיט עקשנות
פון אָנגעגרויטן בליי.
גרייף איך אָן דיין אייביקייט
מיט מיינע אָנגעגליטע רגעס
און ווער פאַרשטראַלט אין שטיין
פון שער הגיא.

ווער האָט געבונדן מיינע טריט דאָ,
איך זאָל צו דיר נישט קאָנען אויפגיין ווי אַ שטראַל?
כ׳בין אויפגעגאַנגען גלייך מיט דיר
אין פּורפּור־פלאַם של מעלה,
און פון צאָרן געטלעכן מיט דיר געטאָן אַ פאַל.
פון דעמאָלט כ׳גיי צו דיר און גיי.
איך, געפאַלענער, אין אויפקום פונעם תהום,
און אַלץ נאָך אין דיין טויער כ׳שטיי,
און טרינק זיך אָן מיט שטראַליקייט און וויי,
ביי דיין גבורה־לאָגל אַ דורשטיק־פיבערדיקער שוואָם.

ווי לאַנג נאָך, אָ ווי לאַנג
וועל איך ביי דיין טויער שטיין,
און אין דיין בלויער קדושה נישט אַריין.
איך האַמער מיט מיין האַרץ אין ווייסקייט פון דיין שטיין,

און מיינע אויגן שטראַלן מיט געוויין,
און טרינקען אַן דעם שער הגיא מיט גרינעם וויין.

אָ, אומבאַגרייפלעכע,
אויג־איין אויג־אויס
גלי איך ביי דעם טויער דיינעם פון דאָס ניי,
אַ כוואַליע אָנגעפּוישטע מיט עקשנות
פון אָנגעגרויטן בליי.

## אויף די בלויע פליגל פון דער שכינה

קיינער איז נאָך קיין ירושלים נישט געפאָרן:
זיידענע פליגל, געוועבטע פון לויטערע קאַיאָרן,
פלאַטערן פון בערג אַראָפּ אין בלויען פלאַטער,
דערהויבן דעם עולה־רגל פון בענקשאַפטן פאַרמאַטערט,
און ברענגען אים דורך שיין און זמר,
צום קוואַל פון מים־חיים —
ירושלים.

עס טרעפט דער עולה־רגל פאַרלירט אין וועג זיין לירע,
נידערן מלאכים און זינגען פאַר אים שירה,
שטייגט די שירה פון אַ שטאַפּל אויף אַ שטאַפּל,
און גייט־אויף אין דעם ליכט פון שוואַרצאַפּל,
דערזעט ער זיך ביים טויער פון קדושה און תפארת, —
דערזע עס מיט דיין אויג, מיט דיין האַרץ דערהער עס.

און ס׳טרעפט, דער עולה־רגל איז אייביק עולה־רגל,
צווישן וואַך און ירושלים בלייבט ער אויף די וועגן,
דערזעט ער זיך אין אויפשפּיל פון גורלות,
אַ פּיאָלעטער באַלעם אין אויפגלי פונעם ים,
אויסגעצאַנקט אין שיינקייט פון גלות,
אױפגעגאַנגען צו דעם הימלבלוי אין פלאַם,
האָט ער באַוויזן נאָך, ירושלים, דיין נאָמען אויסצורײדן,
האַלטנדיק דעם שם הויה אונטער צונג,
מיט „שמע״־געשריי ווי זיין קאָרדאָווער זיידע,
און מיט אַ ברענענדיקער קויל אין לונג.

עס איז דיין קדושה, ירושלים, זע זי און דערקען זי,
דיין שטים און איילבירט־בלאַט אין זילבערגלאַנץ,

דער זיידע פון דער ווייסל און די באָבע פון דער טעמזע,
אָפּגעפּייערט שטערנטיכל אין דעם קדושים־טאַנץ.
טרויבן־זיסקייט אין די אויגן און זונען־זריחה,
וואַרשעווער געשריי פון קעלער־טיף, —
שטראַלסטו אויס דיין קדושה און עס ווערט דיר ניחא,
עפענען דיין שער־הכבוד פאַרן אייניקל פון מהר״ם־שיף.

אייביק ביסטו, ירושלים, אין דיין דויער,
פאַרזיגלט איז דיין הוד אין יעדן שטיין,
וואָס האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך דיין אומהס טרויער,
מיט שכינה־פליגל־פלאַטער פאַרהיט זי פון פאַרגיין,
אַלע, אַלע זענען צו דיר עולה־רגל,
אויפצוגיין אין ריח דיינעם פון בשמים און פון מירע,
אויך אַפילו דער, וואָס אין וועג פאַרלירט זיין לירע, —
ברענגען אים צעפלאַטערן די בלויע פליגל פון דער שכינה,
צו טרינקען פון דעם קוואַל
פון מים חיים,
ירושלים.

# מיין גאַנג צום כותל מערבי

איך בין געגאַנגען אין פּוסטריט פון צה"ל.
שטיינערנע וועלדער האָבן אויסגעשוויגן די אימה
פון יחידישן גאַנג, צו הויכקייטן געהיימע,
מיט איין האַרץ נאָר, אין פלאַטער,
צו פלאַסטן די דורות, אין בענקשאַפט פאַרמאַטערט,
מיט פוירהאַנג פון קדושה פאַרהאָנגען
און איך בין געגאַנגען.

בין איך אַוועק און אין ווייטקייט פאַרגאַנגען,
און האָב נישט געקאָנט צו דער קדושה דערלאַנגען.
וואָלקנס ווי דורות, אַ דור אויף אַ דור,
פאַרטורעמט דעם חלום, פאַרפעלדזיקט די וואָר,
און איך שנייד מיט ציטער פון האַרצן דעם שטיין,
איינער אַליין,
איינער אַליין.

וויי־וויי, — האָט אַ סאָסנע אַ יונגע באַדויערט,
ער גייט מיט אַ האַרץ, מיט אַן איינציקס, צום דויער,
אָט פאַלט עס צעשפּליטערט אויף פלאַסטישער שטיינקייט,
און ער, ווי אַ ליכט, פלעמלט־אויף אין אַליינקייט,
לאָמיר וויקלען דעם באַרג אין ווייכקייטן טאָליק,
פאַר גאַנג וואָס איז שטייגן,
פאַר גאַנג וואָס איינמאָליק.

האָט סאָסנע צו סאָסנע געוועבן געצויגן,
און שפּיגלען מיט ליכט מיר געשטעלט פאַר די אויגן
זוך איך די גרויקייט פון אייביקן שטיין,

די שריפה אין אויג קיל איך אָפּ מיט געוויין:
דויער פון דורות, דערהאַלט מיך ביז שפּעטער,
ביז צו דעם סוף פון יחידישן קלעטער,
שענק מיר מיין מענטשלעכן פלאַטער אויף ס'ניי,
פאַרזיגל מיך נישט
ביים שוועל שער הגיא.

קומען גבורים ווידערגעבאָרן,
פון שטיינערנעם באַרג גייט אַראָפּ בר־גיורא,
און טראָגט אויף זיין קאָפּ אַ קרוין פון גראַניט:
אַ ייד קאָן נישט שטאַרבן, ווי עס שטאַרבט נישט קיין ליד!
דערהער דאָס געזאַנג פון דעם באַרג, פון די ביימער,
וווּ זענען די רוימער? אַוועק זענען רוימער!
גייסט־אויף אין דיין ליד מיטן ליכט פון דיין לאַנד,
דו ביסט ביי דיין וואַנט,
דו ביסט ביי דיין וואַנט!

אברהם רייזען

## ירושלימער יידן
### (וואַריאַנט)

יידן שיינע, פרומע
און — ס'איז ניט קיין חידוש,
אַז ווי פון איין אומה —
ריידן אַלע יידיש.

און אַז ס'קומט צום זינגען —
זינגט מען הויך קיין עין־הרע,
און אַז ס'קומט צום טאַנצן —
טאַנצט מען ניט קיין ,,האָרע"...

טאַנצט מען אַ קאַראַהאָד נאָר,
ווי עס שטייט געשריבן,
הענט אויף חברס פּלייצע,
מיט אַ בליק אַ ליבן.

און אַזוי ביז שטערן
זיך אין הימל ווייזן,
טאַנצן סיי די יונגע,
טאַנצן סיי די גרייזן...

ביז דער מלווה־מלכה,
ביז דער שענסטער סעודה,
ווי אין לאַנד ישראל,
ווי אין לאַנד יהודה.

י. צ. שאַרגעל

# ירושלים

געסלעך אויסגעטראָטענע אין פּיינען,
מינוטן בלויז רוט אויף אייך דער שניי ;
אַזוי אייביק אומאויפהערלעך דאָס וויינען,
אַן אייביק הייליק געגיי...

ווענן פאַר חיילות און פאַר מורדים,
פאַר תלינים, טרוימער און פאַרנאַרטע,
פאַר רייכע, אויפגעקומענע און יורדים —
גאַסן אויסגעוויינטע, אויסגעגאַרטע.

הייך מיט שמות און שפּרוכן,
מיט ריחות אויסגעדעמפּטע פון די וויינען ;
נעסטן פול ברכות און פלוכן,
צעפליקטע פון געשרייען.

גאַסן פול מיט היימען פאַר די געטער,
אַזוי פיל שולן, קלויסטערס און מעטשעטן ;
גאַסן פון דערלייזער און פאַררעטער,
פון תפילות, רחמנות און פון שפּעטן...

קוואַרטאַלן פון באַלאַגערונג פאַרקלעמטע,
ווי איר — כ'בין איינגעהילט אין גרוי,
געסלעך פאַראבלטע, פאַרשעמטע,
כ'וועל נאָך זען אייך אין אויפקום, אינעם בוי.

## דורך טרערן און תפילות

דיך האָב איך גערופן דורך טרערן און דורך תפילות,
אין שעה פון רו און ווען געשמיסן מ׳האָט מיין לייב. —
דיין וועג פון גבורה — מיט מיין גאַנצן זיין איך פיל עס, —
פילט אַן מיט חיות דעם לעצטן איבערבלייב.

דיך האָב איך געליבט דורך אַלע דורות,
צו דיר האָב איך געהאָפט אויף אַלע וועגן:
דערפאַר אַצינד פאַרטרייב איך אַלע מוראס,
און מיט אַן אָפן האַרץ איך גיי דיין הײַנט אַנטקעגן.

צו דיר האָב איך געשמייכלט וויינענדיק אין וויגל,
מיט דיר האָט מיך גענערט מיין מאַמעס זיסער זאַפט.
אַצינד איך שטיי דערשטוינט אין סאַמע העלן עיגול,
נאָך יעדער שחיטה טאָפּלסטו מיין קראַפט.

מיט דיר האָב איך געשאַפן יאָר נאָך יאָר,
און יום־טוב־טעג מיט דיר געטרונקען קידוש.
אַצינד, מיט פולע לונגען פון זינגענדיקער וואָר, —
איך זינג דיין זיין, אויף מאַמע־לשון — יידיש.

אסתר שומיאַטשער

# ירושלים

אין ווייסן געהילט, ווי אַ כלה, לויכט ירושלים,
די בערג פון יהודה היטן איר מיידלשן חלום.
מיט אַ הימל־ווייטקייט רעדט די שעה פון מנחה־מעריב,
אַ שטילע רו שעמערירט איבער דעכער.

פון אונטער אַ גרינלעכן באַרג ווייזט זיך אַ וואָלקן,
דער כותל־מערבי אייביקט אין זיין חורבן,
דער שער הרחמים וואַרט זיך צו עפענען —
משיח זאָל אויף זיין ווייסן אייזל זיך באַווייזן.

דער בין־השמשות גליט מיט ישעיהוס נבואות:
פעלקער ציען ווי שטראָמיקע טייכן,
הייסע ווינטן גליען ווי קוילן פון שקיעה,
זיי זאָלן איבערשמידן די שווערדן אויף אַקעראייזנס.

ירושלים מאַכט־צו אירע אָוונט־אויגן,
די בערג פון יהודה היטן איר מיידלשן חלום.

משה שולשטיין

# ירושלים

**א.**

דיין בילד פון כותל מערבי
האָט קינדווייז מיך באַגלייט צום שלאָף.
באַזעצט האָט זיך אין מיר די סאָווע —
דיין טרויערליד פון תשעה־באָב.

די ווילדע בערדעלעך פון קאַריוו,
פאַרשטעקט אין מיינע ווילדע האָר,
כ׳האָב ווי אַ דערנערקרוין געטראָגן
צום זכר פון דיין בראָך און גלאָר.

די ווילדע בערדעלעך, צוזאַמען
מיט זיי איז יענעם זומערטאָג
אַריין אין מיר פאַרעקשנט־שטעכיק
די טרער פון איכה־ישבה־קלאָג.

און היינט, ווען ס׳ווערט מיין קאָפּ שוין שיטער,
זיך נישט געהאַלטן וואָלטן גאָר
פון בית הקברות־פעלד אין קאַריוו
די שטעכלקעס אין מיינע האָר, —

געדענק איך, אָפּרייסן מיט קאַמען
האָט זי מיין מאַמע זיך געמיט, — — —
כ׳האָב נישט געוווּסט : ווי זיי, פאַרעקשנט,
דיין טרויער שטעקט אויך אין מיין ליד.

ב.

צום הר־ציון, אויפן וועג צום קבר מלך דוד,
נישט קיין ערנוואַכן שטרעקן ס'וואָפן פּאָרכטיק־שטום —
יידן־בעטלער שטרעקן אויס די הענט נאָך אַ נדבה,
נאָר פאַרשטעלן נישט דעם שימער פון זיין קרוין,
זיין רום.

כ'גיי דורך פינצטערע חדרים ווי דורך אַלטע היילן,
כ'גיי צו אים אין חשכות, ווו זיין זילבער־כתר בליצט.
נאָך זיין טויט יאָרטויזנטער — און ס'וויינען נאָך אבלים.
דודס שטיין אין גליתן קלינגט אָפּ פאַר זיי נאָך איצט.

נישט קיין פרישע בלומענקראַנצן, נישט קיין
לאָרבערבלעטער
ספרים אָפּגעברענטע טוליען זיך צו אים אין צער;
פאַרמעטן פאַרבלוטיקטע, געבראַכט פון וויסטע געטאָס,
ס'זאַלבט אים נאָך אַ מאָל דאָס אַש פון בעלזשעץ און
פּאָנאַר.

טונקלע שאָטנס בייגן זיך די קבר־צאָם אַריבער,
שוועבן אום אין יראה־שיין שמעלצנדיקע ליכט.
און זיי זאָגן הויך בציבור קדיש נאָך אַ ציבור,
וויינען אויך די ליכט בציבור איינס ביי איינס געדיכט.

ביי זיין שטיין־צוקאָפּנס — צדקה־געלט, מטבעות פאַלן —
קלאַנג פון יידיש מלכות אויף דאָס ניי האָט ער דערהערט.
אויף דער וואַנט זיין זילבערקרוין הויבט אָן נאָך מער
צו שטראַלן

און ס'צעשמייכלט זיך דער זשאַוער אויף זיין אַלטער
שווערד...

ג.

צווישן דודס קבר און דעם כותל
וויסט איז דאָס געשטיין און דער געוויקס,
לויף נישט, קינד מיינס, ווייט אַהין זיך שפּילן
אָט איז שוין די גרענעץ און די ביקס.

זי פאַרשטעלט אַהין דעם טראָט, דעם צוגאַנג,
זי פאַרשטעלט אַהינצו דאָס געוויין.
ס'איז געפאַנגען הינטער איר דער כותל
און ער שטייט פאַרלאָזן און אַליין.

זאָלסט זיך דאָ, מיין קינד, נישט ווייט פאַרשפּילן,
ווילד איז דאָ דאָס גראָז און דאָס געזעץ.
אויבן, אויף דער וואַנט, גייט אום אַ זעלנער,
שטעלט זיך, דיר אַנטקעגן, ווי אַ געץ .

איצט, ווען אויף די שטיינער פונעם כותל
פאַלן קען שוין אויך אַ טרער פון פרייד,
שטייט ער מער נאָך איינגעהילט אין טרויער,
פון זיין אַלטער היימשטאָט אָפּגעשיידט.

ס'בייטן זיך די שעהן און די וואָכן,
ס'גרייכט אים זייער שאָטן מיט פאַראַכט.
ס'וויינט נישט קיינער מער פאַר זיינע שטיינער.
וויינט ער, דוכט, אַליין דאָרט יעדע נאַכט...

**א. נ. שטענצל**

## י ר ו ש ל י ם

זיבן טויערן האָט ירושלים,
דורכן אַכטן וועט משיח קומען:
אַן אויפגעבראָכענע וועט מוזן זיין
ירושלים — זי זאָל ווערן איינגענומען.

זיבן בערג רינגלען אַרום ירושלים
און דער הר־המוריה שטייט אין מיטן,
ערשט אויף אים וועט משיח זיך אָפּשטעלן —
פֿאַרן אַריינגיין אין שטאָט אָנגעריטן.

זיבן טייכן פירן קיין ירושלים,
דער אַכטער — אונדזער פאַרגאָסן בלוט און טרערן;
ווען משיח וועט דעם טייך אַריבער —
אויסגעלייזט די גאַנצע וועלט וועט ווערן.

## פון הר־ציון ביז צום הר־הצופים

ווי ווייט איז פון הר־ציון ביז צום הר־הצופים ? —
אַ פלאַטערשפּרייז פון פאַרליבטע טורטלטויבן ;
זוניקע קרייזן אָן אויפהער אַהין און אַהער — — —
כ׳האָב מיינע אייגענע אויגן קוים געקאָנט מאַכן גלויבן.

אויף די זון־באַגאָסענע זינגענדיקע גאַסן —
כ׳האָב געזען דעם ליבעטאַנץ פון טורטלטויבן,
געהערט זייער וואָרקען און, דאָס האַרץ מיינס —
מיטטאַנצן מיט זיי — האָט אָנגעהויבן ;

ביז איך נאָכגעגאַנגען זיי אויף די שפּיצן פינגער,
זיי — די טאַנצנדיקע צוויי פאַרליבטע טורטלטויבן ;
ווען זיי זענען פון די אויגן מיר פאַרשוווּנדן —
האָב איך מיין פאַרטרערטן בליק צום הימל אויפגעהויבן.

## אַרום ירושלים

כ׳דריי זיך גאַנצע טעג אַרום ירושלים,
אויך אין נעכט אין פולע מיט לבנה און מיט שטערן,
כ׳קריך אויף דעכער, קלעטער אויף די בערג די העכסטע —
כ׳זאָל פון כותל־המערבי כאָטש אַ ווינקלשטיין דערבליקן,
אַ געבראָכענעם שטראַל כאָטש — אין מיינע טרערן.

איידער ס׳שטעלט די זון זיך, — איז דער הימל איבער
ירושלים —
ווי אַ טויב וואָס פלאַטערט העכער אַלץ און העכער.
כ׳האָב געזען אַ שטויבעלע אויף אירע ווייסע פליגל —
אַ ליכטיק, דורכזיכטיק און אויפגעהויבן שטויבעלע
פון דער כותלס קרישלדיקע חורבה־לעכער.

## די אויפגייענדיקע זון

ווי מען לייגט אין דער געליבטערס הענט אַריין דאָס פּנים
און ס׳בלייבט איבער אין זיי אַ פאַרגאָסענע טרער,
אַ טרער אַ וואַרעמע, ביז טיף אין האַרץ אַריין,
אַ טרער — אויף נישט פאַרגעסן זי שוין מער, —

אַזוי־אָ, האָב איך אויף מיין פּנים זי דערפילט —
די וואַרעמקייט פון ירושלים־טוי און אויפגייענדיקער
זון — — — —
איך טראָג זי נאָך ביי מיר אין האַרצן טיף,
און ס׳פּנים מיינס — פון יענער טרער — איז נאַס נאָך,
נאַס דערפון.

**מאיר שטיקער**

## צו אַ וועגווייזער אין ירושלים

פיר מיך ניט, כ׳וועל אַלץ אַליין געפינען.
איך בין דאָ אין דער היים — האָב עס אין זינען.
איך וועל ניט בלאָנדזשען, איך וועל ניט דאַרפן זוכן,
מיין נאָז גייט נאָך די טונקלסטע גערוכן.
דער קאָפּ איז צוגעווינט צום האַרטסטן קישן,
דאָס אויג צו אַלטע פינצטערנישן
און קאָרקנציערישע פּיאות אויף פּאַרדאַרטע
פּנימער פון די נטורי קרתא.

**אריה שמרי**

## באַלאַדע פון תש״ח

אין אַלטער שול, דער חרובער, געפּייערט האָט פּאַר נאַכט
ר׳ חיימס קרועה־בלויה מיט פּורפּורן באַשפּונען.
ס׳איז געווען תש״ח.
אויף געסלעך האָט געהילכט אַ פאַנצערדיקע וואַך,
געשלאָגן זיך מיט טויט און טומאה.
אויפגעשווידערט אין שראַפּנעל־געקראַך
האָט אַ מתבודד גמטריאָס געוויגן,
געוויקלט די מספרים פון תש״ח
מיט פייער אין די אויגן.

— תש״ח — תיו, סוף פון ספירה ; קץ און פטירה.
תש״ח — שחר, ביסט גאָר מזכה מיט אַן אלף —
אַ קלאַפּ־געטאָן אין שטענדער,
אויפגעברויזט אין שירה,
און פּלוצעם אין שרעקעניש פאַרענדערט ;
— אוי, שחר — שחור,
ווי אַן עוף אַנטקעגן חלף.

אין חורבה — אַליין,
צווישן קרישלענדיקן שטיין
אויפגעהויבן הענט די צוויי מיט אַ געשריי ;
— אָ, הלמאי, אַזאַ חשכות ? !
דער נר דאַרף ברענען תמיד.
ווי לעשסטו אים אַ רגע ?
צי ברענט ער דען נישט פאַר דיינעטוועגן ?

ווי! אַפילו ניט קיין מנין,
ווי! אַפילו ניט קיין צוויי,
לאָזסט מיך איבער קרועה־בלויה,
ווי אין שייער ,אַ פאַרסמאַליעטן, אַ דרויבל תבואה.

ס'האָט קיינער ניט געענטפערט.
געסלעד האָבן נאָר געהילכיקט פון שראַפּנעלן.
פון אויסגעהוילטע פענצטערס, פון אויסגעקרומטע שוועלן
האָט מען געבעטן: — לחם, מים.
און די שקיעה מיט אויסגעשטרעקטע ציינער —
ווי אַ חיה...
פון די פלאַמען דורכגעריסן,
צעשוידערט און צעהוידעט —
איז אויפגעשפּרונגען דער מתבודד.
און אויף תהומות פון זיין צער,
פון שטן צוגעבונדן —
זיך אַ פרעג־געטאָן,
דאָס האַרץ אַ וועק־געטאָן:
— זאָג, איז טאַקע חדווה שוין ביז גאָר פאַרשווּנדן?
אָנגעטאַפּט האָט ער דאָס דינע הייטל אויף די ווּנדן —
אוי, וויי און ווינד און וויל,
לחם וויל דאָס מויל,
און דאָס האַרץ — גאולה און אַ ווּנדער.
סאַראַ גרויל!
וויי, די אברים צעפאַלן זיך באַזונדער.
אויף דראָטן טרעט די זויל —
ווי־זשע וועט די שכינה נעסטן אויף של ראש?
און פון דער נידער, דערשלאָגן ווי אין זומפּ — אַ פּראָש —
האָט ער אַ כאַפּ־געטאָן תהילים־זאָגן, זוכן אַ נחמה,

און ביסלעכווייז פון קלאָגן — אין אַ שטילער, שטילער
דממה,
ווי פּאַר אַ געטרייען פאָטער — אַ טענה און אַ שבח:
אבינו! אַזוי ווילסטו מסתמא,
יסורים זאָלן זיין אַ סך, אַ סך,
און ווידער איינגעזונקען אין מחשבות —
שחר, שחור, וואָס זאָגסטו, תש״ח?

פון הילכנדיקע געסלעך האָט געאיילט די נאַכט,
אַריינגעוואָיעט אין אַ פוסטן ברונעם,
פון הר הבית זיינען שאָטנס אָנגעקומען,
זיך געבערגלט און געהורבעט
אויף די שפּאַלטן פון דער חורבה,
געשליידערט דעם מתבודד מאגרא רמא,
אַ צי־געטאָן זיין גוף —
איז מיטגעגאַנגען די נשמה.

שקיעה האָט געאַשט.
די אַלטע שול — אַ וויסטער הקדש.
אַ לעצטער בעטלער האָט צו לעצט
דערזען זיין מזל — גיפט פון עקדיש.
געברענט האָבן מזלות,
אַ הענגל טרויבן אָפּגעפאַלן.
אַרויס דער יאַדער, צעפּליקט די שאָלעכץ,
געוואָיעט האָבן די שאַקאַלן.

שקיעה האָט געאַשט,
אין דער אויסגעפּליקטער נעסט, —
אָן מנחה־מעריב אָנגעטראָגן ליל.

מיט אַש פון ווינט, מיט וואָלקנס פול אין זשאַר,
האָט ירושלים אַ זאָט־געטאָן מיט צער
אויפן צעבראָקטן הויז
און מיט געוויין די בראָכוואַרגן באַגאָסן.
אַ נשמה, כולו זכאי, איז אַרויס
ווי לקראת־כלה אַ שטראַלנדיקער חתן.
— ברוך דיין !
פון בעכער איז אַרויס דער יין,
אַ ריס־געטאָן האָט זיך יללה ;
— אל מלא !
און נאָך אַ תפילה, אַזאַ תפילה
פון אַלע שערים פון ירושלים ;
— אָ, העלף די זין, אונדזער חייל, אבא שבשמים !

אַ נייע תפילה אַריינגעוויטיקט אין דעם סידור
צווישן טויערן און געסלעך האָט געווידערט,
ביז צום הר הבית,
און ווייטער נאָך, אויף די לענדן פון די בערג, —
ווי וונדער האָט געלויכטן פון די פייערס — — —
— — — — — — — — — — — — —
ס'איז געווען תש״ח
חצות, ווען שאָטנס זיינען וואַך
אויף ירושלימס בערג
אין פאַרדרייונג פון שאָסייען.
אויף בראָכשטול האָט געקראַמפט די נאַכט
און באַהאַלטן די געשרייען,
פון וונדן אויסגעוווּנדערט אַ געבורט ;
כיתות ייִנגלעך, שטורמדיקע רייען
זיינען אויפגעגאַנגען אויף די בערג.

זיינען זיי אַזוי געגאַנגען,
אויף פעלדזן־שאַרפע באָרוועסן צעשניטן,
אַרומגעגאַנגען תפילהס און געזאַנגען.
האָבן הענער אויפגעקרייט
(מיט ר׳ חיימס זון אין מיטן).
האָט אשמורה זיך געביטן,
האָט דער קאַסטל [1] אויסגעאָטעמט
גרויסע, רויטע, זיסע צוויטן.
זיינען כיתות אַזוי געגאַנגען,
צו דערגיין און צו דערלאַנגען.
איבער פעלדזן די צעפלאַצטע,
האָבן אַקסלען זיך געהוידעט,
ביז אַ פולער טאָג אויף קאַסטל
האָט דער וואונדער אויסגעסודעט,
און ס׳איז געווען תש״ח — אַ שחר,
ברויט ווי לחם הפנים [2] האָט דערגרייכט ירושלים,
און די זון — אַ נר תמידביים צוקאָפּנס פון ר׳ חיים.

---

1) שלאָס, טורעם.

2) (שמות, כ״ה) „דאָס ברויט פון אָנגעזיכט״, הייליק ברויט.

**שלמה שנהוד**

## ירושלימס גרויסע שעה

אזוי פיל שוין געזונגען — וויי.
לאַנג וועט טרער נישט פליסן
פון דיין אויג.
פאַר דיינע ליידן, ירושלים,
מיין קאָפּ איך בויג —
איך שטום אין מיין געשריי.

פיין איז שפּעדיק, ווי שניט,
לאַנג וועט נישט דיין קאָסע
שניידן צער.
איבער וואַלד פון אַלטע שטאַמען
נאָך הענגט געפאַר...
איך זע אַ רעגנבויגן בליט.

מלכות שיינט אַרויס פון טרויער.
לאַנג וועט אַשזאַק נישט באַדעקן
דיינע האָר.
פּאַמעלעך פאַרבן זיך די קליידער
אין פּורפּור...
גרויסע שעה קלאַפּט אין דיין מויער.

## באַלאַדע פון כותל אין באַרג תש״ח און תשכ״ז

### תש״ח

ביים כותל אין באַרג צוקט העליש אַ פלאַמרינג,
די שאָטנס פון פייער אַרום אים,
און ס׳גליט דער באַרג צעפיבערט און זינגט :
,,עס קומען, די זין מיינע קומען״.

פון פייער גייט אַ זעלנער אויף, אַ צווייטער און
אַ דריטער.
אַ גאַנצע נאַכט אין שלאַכט געפיבערט, אַ גאַנצע נאַכט
אין ציטער.

פון חורבות אַרויס מיט צונגען צעגליטע
פאַרפירעריש פייער נעמט שיטן :
,,שטילט־איין ! האַלט־אָפּ ! איר דורכפאַל געניטע,
איך וועל דעם כותל שוין היטן...״

דער ערשטער פאַרגאַפּט : ,,ווי לאָזט מען אין דרויסן
אויף הפקר אין פייער דעם באַרג און דעם כותל ?״

,,זעט־זעט, אויפן כותל — דער צווייטער נעמט
שטאַמלען —
דער חלום, דער חלום, זעט, שטייט שוין אין פלאַמען !״

איילט־אונטער דער דריטער : ,,ביי אַלץ וואָס אונדז טייער !
קומט לאָמיר דעם חלום כאָטש לעשן פון פייער !״

— — — — — — — — — — — — —

דער ערשטער צום כותל, נישט קלערט און אַ — שפרונג.
צוקט שטאַרקער פון פלאַמען אַ צונג נאָך אַ צונג.

דער צווייטער — אַ שפרונג (ווי דער ערשטער ער ברענט).
דאָס פייער אָן רחמים דעם קרבן פאַרלענדט.

ווען דער דריטער זיין האַרץ געשפרענגט האָט מיט צאָרן,
איז דאַן ערשט דער חלום געלאָשן געוואָרן...

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

ביים כותל אין באַרג שטילט איין זיך דער פלאַמרינג,
וויסט בלאַנקעט בלוטיק דער חלום אַרום אים — — —
און דער באַרג צעפיבערט גליט נאָך און זינגט :
„ס׳וועלן קומען, די זין וועלן נאָך קומען״...

**תשכ״ז**

און ווידער צוקט העלישביים כותל אַ פלאַמרינג,
שאַטנס פון פייער אַרום אים,
און ווידער דער באַרג גליט, פיבערט און זינגט:
„זיי קומען, די זין וועלן קומען...״

איצט טרעטן דריי אַנדערע זעלנער פון פלאַמען אַרויס
באַפרייען דעם חלום פון פייער־געברויז.

אַרום זיי די חורבות, די הערצער ווי קוואַרץ,
און סאַלווע נאָך סאַלווע גליט־אויף.
טויזנטער קולות — דאָס קול פונעם האַרץ:
„דעם כותל, דעם כותל היט־אויף!״...

דער ערשטער האַרטנעקיק: „נישט מער וועט אין דרויסן
בלייבן אויף הפקר דער באַרג און דער כותל!״

„זעט־זעט, אויפן כותל — דער צווייטער וְייסט וויל —
דער חלום אין פייער דאָרט וואַרט אויפן גואל!״

איילט אונטער דער דריטער: „ביי הימל און שטערן,
עס מוז איצט דער חלום אויסגעלייזט ווערן!״...

— — — — — — — — — — — — —

דער ערשטער צום כותל — אַ שפרונג, ווי׳ן תש״ח,
דאָס פייער פון האַרץ אַ קרבן געבראַכט.

דער צווייטער נאָך אים אין פלאַם טוט אַ שפּרונג,
פאַרשלינגט אויך אים אַ צונג נאָך א צונג.

ווען דער דריטער האָט אַ שפּרונג געטאָן בלוטיק מיט צאָרן,
איז דער חלום אויף אייביק באַפרייט שוין געוואָרן...

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

ברעכט אויף אַ געזאַנג. דער באַרג טוט אַ ציטער.
דערקענט אין די דריי, די דריי פון תש״ח...
שאַלט אויף דער כותל: „אָ, חלום פאַרהיטער —
האָסט די זין איצט צוריק צו דעם היכל געבראַכט״...

# אינהאלט


| | | | |
|---|---|---|---|
| 5 | אַריינפיר | — | י. פּ. |
| 9 | זלמן שזר | — | פאר נאכט אין ירושלים |
| 10 | אפרים אויערבאך | — | א גאנג קיין ירושלים |
| 13 | | — | ירושלים |
| 16 | דוד איינהאָרן | — | ירושלים של מעלה |
| 19 | לייזער אייכנראַנד | | ✶ |
| 21 | | | ✶ |
| 23 | לייב אַליצקי | — | ירושלים אין געבערג |
| 25 | | — | אין ירושלים |
| 27 | | — | שניי אין ירושלים |
| 28 | אַסיאַ | — | א מזמור |
| 30 | הירש אַשעראָוויטש | — | ירושלים |
| 34 | רבקה באַסמאַן | — | ירושלים |
| 35 | | — | ביים כותל מערבי |
| 36 | יצחק בלומשטיין | — | מאה־שערים |
| 38 | מיכאל בן־משה | — | ירושלים תשכ״ט |
| 40 | יונה בערקמאַן | — | ביים כותל |
| 41 | יעקב גלאַטשטיין | — | פון ציקל „געזאנגען״ |
| 42 | | — | זיגער |
| 44 | יעקב גלאַנץ | — | ירושלים |
| 46 | חיים גראַדע | — | ירושלים |
| 50 | פּערל האַלטער | — | ירושלים |
| 52 | בינם העלער | — | אויפן הר ציון |
| 54 | | — | דורך טויער און טויער |
| 55 | | — | כותל מערבי ביי נאכט |
| 56 | משה וואַלדמאַן | — | גאנג ארויף צו ירושלים |
| 60 | שלמה וואַרזאַגער | — | ירושלים |
| 62 | ז. ווינפער | — | אין קדרון־טאל |

64 — ביים כותל
65 בעריש וויינשטיין — פון דער פאעמע „בערגלעך טרויער"
67 — פון דער פאעמע „פון טרויער צום טויער'
69 — פון דער פאעמע „אין דוד המלכס גיטער"
70 פריד וויינינגער — אין קיינעמס לאנד
71 — מאה־שערים
72 ראַשעל וועפּרינסקי — צום כותל המערבי
74 אברהם זאַק — אין די טריט פון די אבות
76 מלכה חפץ־טוזמאַן — איך זוך דיך
77 מרדכי חסיד — ירושלים
78 — דער כותל
81 מאיר זימל טקאַטש — ירושלים ביי נאכט
82 משה יונגמאַן — ירושלימער מאָטיוו
84 — ירושלים
86 מלכה לאָקער — ירושלים
91 ה. לייוויק — אויף דיין ערד, ירושלים
93 — ביים כותל המערבי
96 מלכה לי — ירושלים
98 — די וואנט
99 אברהם לעוו — ירושלים
100 — ביים כותל המערבי
101 פרץ מארקיש — פון דער פאעמע: „דער לעצטער"
104 קאַדיע מאָלאָדאָווסקי — ירושלים
106 — פון ירושלים
107 — ווידערקול פון ירושלים
108 י. מאַניק — ירושלים
109 לייב מאָרגנטוי — ירושלים
110 יחזקאל משה ניימאַן — פון א חתונה אין ירושלים
114 אהרן ניסענזאָן — מיין שטאט ירושלים
115 ראַזאַ נעוויאַדאָווסקא — ירושלים
116 אברהם סוצקעווער — ירושלים
117 — ירושלימער נאכטליד

118 — אויפן וועג צום כותל מערבי
120 — יעקבס לייטער
121 דב סדן — כותל מערבי
122 דוד ספּאַרד — ירושלים
124 — פרייטיק צו נאכט אין ירושלים
126 משה עטינגער — הונדערט טויערן
127 — ווי אין חלום
128 ישראל עמיאָט — ירושלים
129 — אין ירושלים
132 יוסף פּאַפּיערניקאָוו — אין די בערג ירושלימס
134 — אויפן וועג קיין ירושלים
136 — א שניי אין ירושלים
137 ריקודה פּאָטאַש — ירושלים
138 — מאה־שערים
139 דער שחר ווייִנט
140 — דרייצן טויערן
141 חייב לייב פוקס — צו דיין שער, ירושלים
142 — ירושלים
144 — צו חצות ביים כותל המערבי
145 יעקב פיכמאַן — ירושלים
146 ל. פיינבערג — ירושלים
148 — די ערשטע נאכט אין ירושלים
150 — ביים כותל מערבי
152 בן ציון רעסלער — כותל מערבי
153 אהרן צייטלין — געזאנג לכבוד ירושלים עיר הקודש
155 — די צוקונפטיקע מלכים פון ירושלים
156 אלחנן צייטלין — נאכט אין ירושלים
157 י. ד. קאַמזאָן — אין שכמער טויער
158 — ערב שבת אין ירושלים
159 — „חדרים" אין ירושלים
160 אַלטער קאַציזנע — פראגמענט פון „מאמע־וואנט"
161 רחל קאָרן — דער וועג קיין ירושלים
163 משה קולבאַק — ירושלים
164 קעהאָס קליגער — אין מאה־שערים

| | | |
|---|---|---|
| 165 | | — **צו א מיידל אין ירושלים** |
| 166 | מאַריס ראַזענפעלד | — **ירושלים** |
| 168 | נחמן ראַפּפּ | — בײַ דײַן טויער, ירושלים |
| 170 | | — אויף די בלויע פליגל פון דער שכינה |
| 172 | | — מײַן גאנג צום כותל מערבי |
| 174 | אברהם רייזען | — ירושלימער יידן |
| 175 | י. צ. שאַרגעל | — ירושלים |
| 176 | | — דורך טרערן און תפילות |
| 177 | אסתר שומיאַטשער | — ירושלים |
| 178 | משה שולשטיין | — ירושלים |
| 181 | א. נ. שטענצל | — ירושלים |
| 182 | | — פון הר־ציון ביז צום הר־הצופים |
| 183 | | — ארום ירושלים |
| 184 | | — די אויפגייענדיקע זון |
| 185 | מאיר שטיקער | — צו א וועגווייזער אין ירושלים |
| 186 | אריה שמרי | — באלאדע פון תש״ח |
| 191 | שלמה שנהוד | — **ירושלימס גרויסע שעה** |
| 192 | | — באלאדע פון כותל אין באַרג תש״ח און תשכ״ז |